# פּראָיעקט
# פון
# פּראָגראַם
# פאַר יידיש אין דער עלעמענטאַר-שול

צוגעשטעלט צום
עלפטן צוזאמענ-
פאָר פון די
אַרבעטער-רינג שולן.




וואַשינגטאָן, די. סי.
דעם 27-טן, 28-טן
און 29-טן אפּריל, 1939


צונויפגעשטעלט — יודל מארק. ביי דער
מיטארבעט פון אַ פּראָגראַם-קאָמיסיע: —
ז. יעפרויקין, י. לעווין, ש. גוטמאַן,
מ. וולאַדקאָווסקי, י. יורקאָוויטש, פ. נאַתאַק
י. לאַזאַרסאָן, אַ. קאַצענעלענבאָגען, ת. בעז

## א) די גרונט-יסודות פון פראיעקט

אויף וויפיל עס לאזט זיך, מיט זיך דער פראיעקט צו שטײן אויף א רעאליסטישן יסוד. די פראגראם האט אין זינען די מערהײט איצטיקע תלמידים אין אונדזערע שולן, וואס ײדיש איז ניט זײער פרײע אומגאנגשפראך, זײער נאטירלעכער לשון. די פראגראם האט פאר זיך דאס קינד וואס הערט ײדיש אין דער הײם, וואס פארשטײט א היפש ביסל ײדיש ווען מע רעדט צו אים, אבער וואס ברענגט בלויז מיט מאטערניש ארויס א גאנצן ײדישן זאץ. בכן איז דא ײדיש ניט די נאטירלעך גערעדטע שפראך, אבער ײדיש איז דא אויך ניט קײן פרעמדשפראך. און די פאדערונגען זײנען אויך אזעלכע מיטנדיקע: צו װײניק פאר א גערעדטער שפראך פון דעם תלמיד, צו פיל פאר א הונדערט-פראצענטיקער פרעמדשפראך.

אויב די קינדער הערן אויך ניט מער קײן ײדיש אין דער הײם און פארשטײען בכלל ניט ווען מען רעדט צו זײ אויף ײדיש, איז אין די דאזיקע פאלן די פראגראם ניט צוגעפאסט פאר זײ. יעמאלט קען מען אבער אויך לערנען אין דעם סדר פון דער פראגראם, הגם מע וועט באדארפן א סך מער צײט זי דורכצונעמען.

אזוי ווי די קינדער קומען אן מיט פארשײדענע קענטעניש אין ײדיש, אזוי ווי מע לערנט מיט די קינדער אין אנדערע שולן פינף, אין אנדערע בלויז דרײ מאל א וואך, קען די פראגראם ניט זײן אקוראט צוגעפאסט פאר אלע קינדער, פאר אלע שולן. שאפן צװײ מינים פראגראם, א פראגראם-מינימום און א פראגראם-מאקסימום, וואלט געווען ניט פראקטיש, װײל יעמאלט וואלט די פראגראם-מאקסימום פארבלײבן בלויז אויפן פאפיר: עס וואלט דאך געווען צוגעגרײט דער היתר ניט צו פאדערן מער. צונויפשטעלן א פראגראם באזונדער פאר האלבע שולן און באזונדער פאר גאנצע שולן, אדער באזונדער פאר יענע טײלן פון לאנד וואו די קינדער קענען װײניקער ײדיש – אזא אויסוועג וואלט געווען קעגן די אינטערעסן פון דער שולבויאונג, װײל עס טויג ניט אײנצוטײלן די שולן אין מדרגות העכערע און נידעריקערע, און אגב וואלט עס אויך געווען אומפראקטיש, װײל סוף-כל-סוף מוזן זיך דאך די שולן באנוצן מיט די זעלביקע טעקסטביכער און מיט די אנדערע הילפסמאטעריאלן צום לערנען, וואס מע וועט מיט דער צײט ארויסגעבן. בכן, האט ניט געקענט זײן קײן אנדער ברירה ווי מאכן די פראגראם א ביסל לויז, און דאס צופאסן צו די קאנקרעטע באדינגונגען בלײבט אין די הענט פון דעם לערער. אבער ער האט שטענדיק פאר זיך די אלגעמײנע ראם און ער האט פאר זיך דאס בהדרגהדיקע שטײגן פון גרינגערן צום הארבערן. איבער די זעלביקע פראקטישע טעמים איז אויך דער גאנצער מאטעריאל אײנגעטײלט אין פיר טײלן, ניט אין פינף, הגם מיר האבן פאר זיך א באשלוס אז די עלעמענטאר-שול האט פינף קלאסן און הגם א רײ שולן האבן טאקע פינף קלאסן. דער לעצטער טײל ווערט באצײכנט פאר די קלאסן ד-ה.

די דאזיקע ניט פולקומע באשטימטקײט האט זיך דער עיקר אפגעשפיגלט אויף דער פראגראם פון וואקאבולאר, וואו עס איז בײ די דערמאנטע באדינגונגען אוממעגלעך געווען אײנצוטײלן אין דעם פאסיון און אין דעם אקטיון וואקאבולאר. גענויער וועגן דעם ווײטער בײ אלגעמײנע דערקלערונגען וועגן וואקאבולאר.

דער שפראך-מאטעריאל האט אין זינען אונדזער קאנקרעטע ײדיש-וועלטלעכע סביבה און אירע אידעאלן, די אײנשטעלונגען און די אלגעמײנע צילן פון אונדזער שול פון אײן זײט, און פון דער אנדער זײט די אינטערעסן און די וועלט פון אונדזערע קינדער, וואס ווען זײ קומען אן אין דער עלעמענטאר-שול זײנען זײ אן ערך 8 יאר אלט און ווען זײ פארענדיקן זי אן ערך א 12 יאר אלט. בכל אופן האט זיך מיט אזא נארמע גערעכנט דער צונויפשטעלער פון דעם פראיעקט.

## ב) די צילן פון דעם ײדיש-לימוד

דאס לערנען ײדיש אין אונדזערע שולן האט צװײערלײ צילן: 1) צילן

דירעקטע, ריין-שפראכלעכע, קאנקרעטע און וואס די פעולה דערביי קען מען טעסטירן; 2) צילן אומדירעקטע, אלגעמיין-דערציערישע, אפסטראקטע, צום טייל אין גאנצן אומטעסטירלעכע. אבער ביידע מינים צילן מוזן מיר האבן פאר די אויגן ביים צונויפשטעלן די יידיש-פראגראם.

די צילן פון ערשטן מין זיינען:

א) אויסלערנען ריידן יידיש וועגן אלע ענינים פון טאגטעגלעכן לעבן, וועגן אלע ענינים וואס מע לערנט וועגן זיי אדער מע רעדט וועגן זיי אין שול, קענען איבערדערציילן וואס מע האט געלייענט אדער געהערט אויף יידיש.

ב) אויסלערנען פארשטיין ווען מען רעדט יידיש, אויב די ענינים זיינען בכלל אין גבול פון דעם קינדס באנעמען.

ג) אויסלערנען לייענען יידיש מיט לייכטקייט און פארשטענדעניש אין די גרענעצן פון א וואקאבולאר פון אן ערך פיר טויזנט ווערטער און פון די געפיטן וואס האבן א שייכות צו דעם לייען-מאטעריאל אין שול.

ד) אויסלערנען שרייבן יידיש אין ראמען פון די באווארעניטן וואס ווערן געמאכט ביים פונקט א, מיט א מערוויניק קארעקטער גראמאטיק און ארטאגראפיע און אפהיטנדיק דעם טראדיציאנעלן אויסלייג פון כל הפחות דריי הונדערט ווערטער וואס שטאמען פון העברעאיש.

די צילן פון צווייטן מין זיינען:

א) דערפירן דערצו, די קינדער זאלן זיך פילן ווי צוגעהעריקע צום יידישן פאלקסכלל, ווי פאראינטערעסירטע אין איצטיקן גורל פון יידישן פאלקן און זיין עתיד; ספעציעל - די קינדער זאלן האבן אן אינטימע, איניקסטע באציאונג צום לעבן און צו די אידעאלן פון יידישן ארבעטער.

ב) וועקן ליבשאפט און אכטונג פאר דער יידישער שפראך און א ווילן מיטצוהעלפן אין דער אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור; צוגעוויינען צו לייענען יידיש פון אייגענע אינטערעס וועגן, פון אן אייגענעם אימפולס ארויס; צוגעוויינען צו ריידן יידיש אין דער היים און אין קרייז פון שול און שול-חברים און דורך דעם בכלל צוגעוויינען צו יידיש ווי צו א צווייטער ריידשפראך.

ג) דערנענטערן די קינדער צו די עלטערן, ווי איין רינג צו א צווייטן רינג אין דער קייט יידישע דורות, שאפן לעבעדיקע פארשטעלונגען וועגן דעם איצטיקן יידישן לעבן דא און אומעטום און וועגן דעם לעבן אין דעם נאנטן עבר.

ד) העלפן ארויסאנטוויקלען דאס געפיל, אז די קולטור-צוויי-איקייט, די גלייכצייטיקע צוגעהעריקייט צו צוויי באזונדערע קולטור-סביבות, איז ניט קיין יאך און ניט קיין אנשיקעניש, נאר דארף אויפגענומען ווערן מיט פרייד און מיט שטאלץ.

די צילן פון צווייטן מין זיינען פארשטייט זיך די אלגעמיינע צילן פון דער יידישער דערגאנצונג-שול. אבער היות ווי דער לימוד פון יידיש איז דער הויפט-לימוד פון דער שול, דארף דער לימוד אויפגעבויט ווערן אזוי אז א גרויסער טייל פון דער גארער אחריות פון דער שול זאל פאלן אויף אים.

די פראגראם באמיט זיך צו דינען די דאזיקע צילן פון ביידע מינים.

## ג) באמערקונגען וועגן באזונדערע באשטאנדט"לן פון דעם "דיש-לימוד

1) וועגן דער ליטעראטור-פראגראם. מיר קענען אין אונדזער עלעמענטאר-שול ניט האבן ק"ן באזונדערן ליטעראטור-לימוד. דאס לערנען ליטעראטור איז פארבונדן מיטן לערנען "דיש. ווען מען ל"ענט א דערצ"לונג איז נ"טיק ראשית חכמה גובר צו ז"ן די שפראכלעכע שוועריק"טן און ערשט נאך דעם קען מען דער-ג"ן צו דער ש"נק"ט, דער בילדערישק"ט, דער בולטק"ט און דער קינסטלערישער אמתדיק"ט פון דער דערצ"לונג. נאר פון ג און העכער איז פאראן ליטעראטור ווי א באשטאנדט"ל פון "דיש-לימוד. ביז ג קען מען האבן צו טאן בלויז מיט געווי̇סע ליטעראטור-עלעמענטן, ווען מען ווײַזט אן אויף באזונדערש פ"נע שטעלן אין א ליד אדער א דערצ"לונג. ערשט פון ג טרעט אויף אויך די פערזענלעכק"ט פון דעם שר"בער און מע קען אנוו"זן אויף די אדער יענע א"גנשאפטן ז"נע.

די טעמאטיק, אויף וויפל זי איז צוגעפאסט פארן קינד און דאס קינד קען זי פארד"ען, און די שפראך אויף וויפל אונדזער שולקינד קען זי צעק"ען - ז" באשטימען, צי מע זאל לערנען דאס ליד אדער די דערצ"לונג, און ניט דער אלגעמ"נער ליטערארישער "חוס פון שר"בער אדער ווערק. און אזוי ווי דער ענין ווערטער-אוצר פאר דער שול איז נאך ניט אין גאנצן פעסט, איז ניט מעגלעך און אויך ניט באזונדער נ"טיק אנצואוו"זן וואס עס מוז אר"נ-ג"ן פון דער פאעזיע און פראזע אין דער פראגראם פון א און ב.

וואס ש"ך ג און העכער מוז מען ב" דער פראגראם פון ליטעראטור זיך מער רעכענען מיט די פאראנענע טעקסטביכער ווי ב" אלע אנדערע געביטן פון "דיש-לימוד, וויל אניט וועט די פראגראם בל"בן א גוטער וואונטש און ניט מער. פון ג אן האלטן מיר זיך ב"ם טעקסטבוך „אונדזער ווארט”, ווי ב" דעם רעלאטיוו פאסיקסטן, און די פראגראם קען דא בלויז געבן דערגאנצונגען אבער איז ניט ביכולת פארצול"גן גרינטלעכע שינו"ם.

2) וועגן דער פראגראם פארן וואקאבולאר

ערשט ווען מען האט א סטאנדאריזירטן וואקאבולאר פון די וויכטיקסטע, די נ"טיקסטע, די אפטסטע ווערטער אין א שפראך, ערשטע יעמאלט קען מען אוועק-שטעלן דאס לערנען א שפראך אויף א זיכערן וויסנשאפטלעכן יסוד. עס איז דאך קלאר אז ניט אלע ווערטער אין א שפראך האבן דעם גל"כן ווערט, און אז מע דארף לערנען ניט סתם ווערטער נאר די ווערטיקסטע, די נוציקסטע. דאס איז ריכטיק אפילו ב"ם לערנען די נאטירלעכע סביבה-שפראך, על אחת כמה וכמה ב"ם לערנען א צוו"טן לשון.

צום באדויערן האט מען ב" אונדז דעם גאנצן ענין ניט באנומען און שוין די אנה"בער-ביכלעך ב" אונדז באציען זיך פרייַנק און פר" צו ווערטער, ניצנדיק אלץ וואס עס מאכט זיך אונטער דער האנט. דער פראיעקט באמיט זיך אוועקצושטעלן דעם עיקר פון גאנצן "דיש-לימוד, דעם וואקאבולאר, אויפן נארמאלן יסוד פון אויסקל"ב און איבערקל"ב. צום באדויערן איז מיגלעך דא צו מאכן נים מער ווי א נים אין גאנצן זיכערן אנה"ב.

מען פירט דורך ריזיקע ווערטערצ"לונגען כדי אויסצוגעפינען די אפטסטע ווערטער און אויפן סמך פון דער רשימה פון די אפטסטע ווערטער און פון נאך אנדערע אביעקטיווע סימנים שטעלט מען א"ן די "חוס-ר" פון די ווערטער פאר דער שול. אבער צו מאכן אזעלכע צ"לונגען איז נ"טיק די ארבעט פון מויזנטער-טויזנטער שעהן. אונדזער שול קען נים ווארטן ביז מע וועט האבן געלט און צ"ט דערצו. וואס זשע האט מען איצט, שוין געקענט טאן צו ל"זן די פראבלעם? איז אופן סמך: 1) פון שכל הישר; 2) פון די טעקסטן וואס די קינדער וועט אויסקומען צו ל"ענען; 3) פון די עניני"ם וואס ז" וועלן דארפן שמועסן וועגן ז"; 4) פון די מער-וו"ניק גל"כבאד"טיקע ווערטער אין די אפטק"ט-רשימות פון אנדערע שפראכן; 5) פון די באגריפן און פארשטעלונגען וואס מיר ווילן געבן די קינדער - איז אויף אט דעם ניט פולקום זיכערן יסוד

אויסגעקומען אויפצושטעלן די פּראָגראַם פֿאַרן װאָקאַבולאַר.

דער טײל פֿון דעם פּראָיעקט האָט פֿאַרלונגען מער צײַט װי אַלע אַנדערע טײלן אין אײנעם און גראָד דער טײל איז זײער שטאַרק איבערגעמאַכט געװאָרן. בײַם איבערגעבן די פּראָגראַמען פֿאַר יעדער קלאַס באַזונדער װערן געגעבן נאָך דערקלערונגען װעגן דעם װאָקאַבולאַר.

איבער טעמעס װאָס װערן געבראַכט אויבן איז נישט מיגלעך צו פֿאַרפֿעסטיקן, װאָסערע װערטער זאָלן געהערן צום אַקטיװן װאָקאַבולאַר און װאָסערע נאָר צום פּאַסיװן. בלויז אַ טײל פֿון דעם פּאַסיװן װאָקאַבולאַר קען דערפֿירט װערן צו דער מדרגה פֿון װערן אַ באַשטאַנדטײל פֿון דעם אַקטיװן. װאָסער טײל? דאָס לאָזט זיך בשום אופֿן נישט באַשטימען גלײַך פֿאַר אַלע שולן, פֿאַר אַלע קינדער. װאָס מער ייִדיש עס קענען די קינדער בײַם אַנקומען אין שול, אַלץ גרעסער איז דער מיגלעכער אַקטיװער װאָקאַבולאַר. װען עס װערט געגעבן דער װאָקאַבולאַר פֿאַר א און ב, האָט מען דאָ אין זינען דעם פּאַסיװן. די אויפֿגאַבע פֿון דעם לערער איז צו שטרעבן אַז װאָס מער װערטער, װעלכע די קינדער פֿאַרשטײען, זאָלן זײ קענען אַלײן נוצן בײַם רײדן און בײַם שרײַבן.

3) װעגן דער פּראָגראַם פֿאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע.

די פּראָגראַמען פֿאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע זײַנען לכתּחילה געװען פֿאַרבונדן אין אײנעם, װײַל יעדער שמועס קען זײַן אַן אויסגאַנגס־פּונקט פֿאַר אַ קאָמפּאָזיציע און װײַל אַ קאָמפּאָזיציע שװימט אַרויף פֿאַרן קלאַס געװײנלעך ערשט נאָך אַ געװיסן צוגרײטנדיקן שמועס (חוץ דער אינדיװידועלער שריפֿטלעכער קאָמפּאָזיציע װאָס מע שרײַבט אין שטוב).

די באַגריפֿן שמועס און קאָמפּאָזיציע װערן דאָ פֿאַרשטאַנען זײער ברײט. װי באַלד צװישן אײן פֿראַגע און דער צװײטער איז פֿאַראַן אַ געװיסע שײַכות, אַ געװיסע נאַטירלעכע פֿאַרקניפּונג, איז עס שוין אַ שמועס; װי באַלד צװײ־דרײַ זאַצן האָבן צו טאָן מיט אײן און דעם זעלביקן ענין און װערן אַרויסגעבראַכט מינדלעך אָדער שריפֿטלעך פֿון אײן תּלמיד אָדער פֿון עטלעכע - איז עס שוין אַ קאָמפּאָזיציע.

די פּראָגראַם האָט אין זינען אַלע פֿיר מינים קאָמפּאָזיציע: 1) די מינדלעכע אינדיװידועלע קאָמפּאָזיציע. 2) די מינדלעכע קאָלעקטיװע קאָמפּאָזיציע; 3) די שריפֿטלעכע אינדיװידועלע קאָמפּאָזיציע און 4) די שריפֿטלעכע קאָלעקטיװע קאָמפּאָזיציע. יעדער טעמע קען באַאַרבעט װערן אויף אײנעם פֿון די אָנגעגעבענע אופֿנים. די אָפּטסטע און די װיכטיקסטע אופֿנים זײַנען די מינדלעכע. ניט אַלע מינים קאָמפּאָזיציע קען מען אַרײַנפֿירן גלײַכצײַטיק. װעגן דעם גענױער אין די פֿאַרבאַמערקונגען צו יעדער קלאַס.

אַ פּראָגראַם פֿאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע איז פּרינציפּיעל אַנדערש װי די פּראָגראַמען פֿון אַנדערע טײלן אין דעם ייִדיש־לימוד, װײַל דאָ קען אַ פּראָגראַם נישט בינדן דעם לערער, קײן שום רשימה טעמעס פֿאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע קען נישט זײַן קײן פֿולקומע. די פֿאַקטישע סיטואַציע אין קלאַס, עפּעס אַ פּאַסירונג, אַ גוטע באַמערקונג פֿון אַ שילער און אַנדערע זאַכן קענען אַרויסרופֿן „צופֿעליקע" שמועסן װעגן געװאונטשענע און װיכטיקע ענינים. דאָס איז פֿון אײן זײַט. פֿון דער אַנדער זײַט קען נישט און דאַרף נישט דער לערער אויסנוצן אַלע אָנגעװיזענע טעמעס פֿאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע. די פּראָגראַם דאַרף דאָ דינען װי אַן אָנרעגונג פֿאַרן לערער; װי אַ מוסטער נאָכצומאַכן, זיך צופּאַסנדיק צו דער געגעבענער סיטואַציע אין קלאַס, און װי גרענעץ־סלופּעס װאָס צײכענען אָן אין אַלגעמײן דאָס געביט פֿאַר יעדער קלאַס באַזונדער.

די פֿאָרמולירונגען פֿון די טעמעס זײַנען בלויז אָנערכדיקע. עס איז נישט קײן מוז זיך צו האַלטן דװקא בײַ די געגעבענע פֿאָרמולירונגען. אגב װערן זײ געגעבן גיכער װי פֿאָרמולירונגען פֿאַר שמועסן אײדער װי קעפּלעך פֿאַר קאָמפּאָזיציעס.

שמועס און קאמפאזיציע דארפן פארנעמען דעם גרעסטן טײל צײט. זײ זײנען דער װיכטיקסטער מיטל בײם לערנען רײדן און בײם לערנען שרײבן, די בײדע אופניה פון באמת אקטיװן שפּראכגעברױך. אױך װי פיל מיר װילן די קינדער פארבינדן מיט דער לעבעדיקער ײדישער שפראך, אױף אזױ פיל דארפן מיר לײגן אכט אױף שמועס, אױף דער מינדלעכער קאמפאזיציע און אױך אױף דער שריפטלעכער קאמפאזיציע. אנשטאט צו זײן לײענשולן מיט כמעט אױס־שליסלעך לײען־שעהן, דארפן מיר דורך װאס מער שמועס און קאמפאזיציע קומען צו דער שול װאו מע לערנט זיך טאקע רײדן ײדיש. מיט דעם דערקלערט זיך פאר װאס דער טײל פראגראם פארנעמט װײטער אזא חשובן ארט.

## 4) װעגן דער פראגראם פאר גראמאטישע געניטונגען.

אין דער עלעמענטאר־שול לערנט מען ניט קײן גראמאטיק פאר זיך. מע פארנעמט זיך ניט סתם מיט גראמאטישע אנאליזן און מיט גראמאטישע טאבעלעס. אונדזערע דערגאנצונג־שול בױט דא אױף די ידיעות אין גראמאטיק װאס די קינדער באקומען אין דער ענגלישער שול. מיר פירן ניט אײן קײן נײע באגריפן, װאס די קינדער זאלן ניט האבן פון פריער, פון דער ענגלישער שול. די טערמינען װאס װערן באנוצט װײטער אין דער פראגראם זײנען לשם באקװעמלעכקײט אין פארמולירן. מיר פארנעמען זיך ניט מיט גראמאטיק, אפגעריסן פון אנדערע זאכן, נאר מיט גראמאטישע געניטונגען („איבונגען" בלע"ז). די גראמאטישע געניטונגען זײנען זײער אפט ארבעטן צו באנרײכערן דעם װאקאבולאר, ארבעטן איבער א סך נוציקן שפראך־מאטעריאל, אפט גלײכצײטיק ארבעטן צו פארפעסטיקן דעם אױסלײג, א מאל אױך מיטלען זיך צו באפרײען פון אנגליציזמען. אפילו דער אױסדרוק „גראמאטישע געניטונגען" איז דא ניט צוגעפאסט אין גאנצן – גיכער זײנען עס פארשײדנערלײאיקע ארבעטן פאר שפראך־רײניקונג און שפראך־באנרײכערונג.

## 5) װעגן די װערטער װאס שטאמען פון העברעאיש.

צום סוף פון דער פראיעקט װערט געגעבן אין א בײלאגע די רשימה װערטער װאס שטאמען פון העברעאיש און װאס גײען ארײן אין פראגראם פארן אױסלײג און אװדאי אין פראגראם פארן װאקאבולאר. זײער צאל איז ניט צו גרױס: 14 װערטער פארן קלאס <u>א</u>; 84 װערטער פארן קלאס <u>ב</u>; 99 װערטער פארן קלאס <u>ג</u>; 110 װערטער פאר <u>ד־ה</u>, סך־הכל 307 װערטער. אין דער רשימה גײען ניט ארײן די נעמען פון מענטשן און ערטער װאס טרעפן זיך אין געשיכטע, אבער עס גײען יא ארײן די נעמען פון די באגריפן װאס מען האט צו טאן מיט זײ בײם לערנען געשיכטע.

די דאזיקע רשימה איז צונױפגעשטעלט אױפן סמך פון אלע ביזאיצטיקע ארבעטן און רשימות פון פאר־צװײ־יארן איז זי היפש קלענער געװארן און א ביסל מאדיפיצירט אױפן סמך פון אנװײזונגען מצד די לערערס. די דאזיקע רשימה האט אין זינען: 1) װערטער װאס מע קען זיך בשום אופן ניט באגײן אן זײ; 2) װערטער װאס טרעפן זיך אפטער אין די טעקסטביכער; 3) װערטער װאס זײנען נײטיק בײם לערנען געשיכטע, בײם שמועסן װעגן סאציאלע ענינים, װעגן ײדישע יום־טובים און ענלעכע; 4) װערטער פאר באגריפן און פאר־שטעלונגען פון ײדישן לעבן װאס מיר װילן אז די קינדער זאלן װיסן װעגן זײ.

אױף א זיכערן באזיס װאלט די רשימה העברעאיזמען געװען געבױט, אױב זי װאלט געהאט הינטער זיך אן אפטקײט־טאבעלע פון די װערטער װאס שטאמען פון העברעאיש. צונױפשטעלן אזא טאבעלע איז שװער, אבער עס איז דאך אין גבול פון אונדזערע מיגלעכקײטן. װען אזא רשימה פון די העברעאיזמען נאך זײער אפטקײט װעט װערן צונױפגעשטעלט אױפן סמך פון אױסצײלן מינימום א מיליאן װערטער, װעט מען קענען גרינג און זיכער איבערמאכן די איצט געגעבענע רשימה.

## ה) א פראגראם איז נים אלץ

ווען מע זאל האבן די סאמע אידעאלע פראגראם און דערצו נאך א גאר־גאר גענויע, וואלט עס אוודאי געווען גוט פאר דער שול און פארן לערער. אבער די פולע ישועה שטעקט נים אין דער פראגראם.

א פראגראם איז נאך נים אלץ. א פראגראם זאגט בלויז וואס מע זאל לערנען; א פראגראם זאגט אבער נים ווי מע זאל עס לערנען און גים נים די געהעריקע מיטלען (טעקסטביכער, ארבעטסהעפטן, געדרוקטע טאבעלעס, בילדער און אנדערע הילפסמיטלען) מיט וואס צו לערנען. אויפן וועג צו דערגרייכן א פעולה אין לערנען איז פראגראם אליין ווייניק. צום טייל קען זיך באקומען, אז די פראגראם בלייבט הענגען ווי אין דער לופטן, בכל זמן דער לערער באקומט נים אין דער האנט אריין אלע נייטיקע מכשירים צו פארווירקלעכן די פראגראם. ביי דעם איצטיקן צושטאנד פאדערט זיך פון לערער א שלל אנשטרענגונג דורכ־צופירן אלע אנגעמערקטע ארבעטן איבער וואקאבולאר, גראמאטישע געניטונגען, אויסלייג און א סך מי און אפווייכונג פון די טעקסטביכער ביים וועלן אויסנוצן די פראגראם פאר שמועס און קאמפאזיציע.

דאס אננעמען די דעטאלע פראגראם פארן "ידיש־לימוד" איז א מין פארפליכטונג צו באשאפן אלע געהעריקע הילפסמיטלען גרינגער צו מאכן פארן לערער דאס לערנען נאך דער פראגראם נאך. אנים שטעלט זיך די ארגאניזאציע אין דער פאזיציע פון א לוגג לכש בנוגע צו איר לערער. זי פאדערט פון אים א סך און פאדערט נייע זאכן, בעת זי גים אים נים קיין נייע געצייג. פארן לערער ווידער קומט אן אנדער מין פארפליכטונג: צוזאמען מיטן גענויעם באשטימען וואס צו לערנען דארף אויך קומען א באנייאונג און אן אויפפרישונג אין דעם ווי צו לערנען.

דעריבער איז דאס אננעמען א נייע פראגראם נים מער אן אנהייב אויף צו פארבעסערן דעם "ידיש־לימוד" און אויף צוצופאסן אים צו די נייע שווערע פאדערונגען, וואס אונדזער "ידישע שול" שטעלט ארויס אין דער איצטיקער צייט דעם לערער און דער שול־ארגאניזאציע.

## 1. פראָגראַם פאַרן קלאַס א

### א) די יסודות

### 1) וואָס ווילן מיר דערגרייכן אין א?

צום סוף פון לערנען זיך אין קלאַס א דאַרף דאָס קינד קענען:

א) ריידן יידיש אין אַזאַ פאָרנעם, אַז עס זאָל זיין ביכולת עפּעס איבערצוגעבן, צו דערציילן וועגן זיך אָדער איבערצודערציילן דאָס געלייענטע אָדער געהערטע אין צוויי־דריי זאַצן מיט אַן ערך ביז צוואַנציק ווערטער אין זיי.

ב) פאַרשטיין יידיש אין אַזאַ פאַרנעם, עס זאָל גרינג באַנעמען דאָס געלייענטע, דאָס פאָרגעלייענטע און דאָס דערציילטע וועגן ענינים וואָס זיינען אין די גרענעצן פון זיינע אינטערעסן און וואָס זייער ווערטער־אוצר איז אַן ערך ביז 800־900 ווע רטער.

ג) לייענען יידיש, זיך ניט פאַרהאַקנדיק אין מיטן וואָרט, מאַכנדיק ווי וויט מעגלעך נאַטירלעכע פּאַוזעס אָבער בלויז אַזעלכע טעקסטן וואָס האָבן אַן ערך ביז 800־900 ווערטער, וואָס שטעלן צונויף דעם פּאַסיוון וואָקאַבולאַר פאַרן קלאַס א.

ד) שרייבן יידיש, אַרויסברענגענדיק אַלע אותיות אויפן טאַוול אָדער אויף פּאַפּיר על פּי דער ריכטיקער שרייב־סיסטעם; קענען ריכטיק אַראָפּשרייבן פון בוך אָדער פון טאָוול; קענען דורכפירן זייער פּשוטע שריפטלעכע שפּראַכ־אַרבעטן; קענען על פּי זכרון אָנשרייבן קורצינקע לידעלעך וואָס מען האָט געלערנט אויף אויסווייניק; קענען אָנשרייבן איגענע זאַצן; וויסן ווי אויסלייגן אַן ערך א דריטל פון דעם פּאַסיוון וואָקאַבולאַר.

### 2) די נייטיקע שטאַפּלען דערצו.

ביים לערנען ריידן יידיש האָבן אין זינען אַזעלכע שטאַפּלען וואָס פירן צום געשטעלטן ציל:

א) ענטפערן מיט איין וואָרט אויף א געשטעלטער פראַגע;

ב) פאַרענדיקן זאַצן וואָס זייער אָנהייב ווערט געגעבן;

ג) קענען ענטפערן אין גאַנצע זאַצן, צום טייל איבערחזרנדיק די ווערטער פון דער פראַגע;

ד) קענען ענטפערן אין גאַנצע זאַצן אָן דער הילף פון די ווערטער פון דער פראַגע;

ה) אָנרופן נעמען פון זאַכן, טואונגען און איגנשאַפטן פון בילדער אָדער פון דעם אַרום;

ו) צונויפשטעלן גאָר גרינגע זאַצן מיט געגעבענע אויסדרוקן אָדער ווערטער;

ז) אין איין זאַץ און נאָך דעם אין צוויי זאַצן קענען עפּעס דערציילן וועגן זיך אָדער איבערדערציילן פון דעם געלייענטן.

ח) לסוף קענען דערציילן עפּעס אין צוויי־דריי זאַצן מיט אַן ערך ביז 20 ווערטער אין זיי.

- - - - -
- - - -

דאָס פאַרשטיין ייִדיש, דאָס ריידן ייִדיש און דאָס לייענען מוזן גיין האַנט ביי האַנט. מע מעג לייענען נאָר דאָס וואָס מע פאַרשטייט. במשך פון ערשטן זמן אין א דאַרף דער לייען־מאַטעריאַל אַנטהאַלטן מאַקסימום א דריי הונדערט ווערטער, וואָס חזרן זיך איבער און לאָזן זיך דורך דעם פאַרגעדענקען. דאָס לייענען מוז זיין א פּראָצעס וואָס פירט צו א באַזייניקטן אינהאַלט. דער ווערטער־אוצר פון קינד ווערט באַרייכערט בהדרגה. עס קענען צוקומען ניט מער ווי 5־6 נייע ווערטער אויף א שעה במשך פון דעם ערשטן זמן.

דאָס לערנען לידעלעך אויף אויסווייניק שפּילט א גרויסע ראָלע במשך פון גאַנצן ערשטן לערניאָר. לכתחילה זיינען די לידעלעך פיר־שורהדיקע און נאָך דעם אַכט־שורהדיקע. אין קלאַס א דאַרף מען לערנען אויף אויסווייניק א צוואַנציק לידלעך. דער ווערטער־באַשטאַנד פון די לידלעך דאַרף בדרך כלל ניט אריבערשפּרייזן די גרענעצן פון דעם איינגעשטעלטן וואָקאַבולאַר.

כדי דאָס לייענען זאָל פירן צו דעם געוואונטשענעם רעזולטאַט הן אין לייענען הן אין פאַרשטיין, דאַרף דער לייען־מאַטעריאַל אין גאַנצן א באַשטיין פון אן ערך דרייסיק ביז פינף און דרייסיק טויזנט ווערטער.

ביים לערנען שרייבן זאָרגן וועגן דער ציכטיקייט; זען צוצוגעוויינען צו א קלאָרער און ריינער האַנטשריפט.

ב) שמועס און קאָמפּאָזיציע פאַר א

1) דערקלערונגען.

די אויפגאַבע אין א איז צו עפענען דעם קינדס מויל און ביסלעכווייז צוגעוויינען עס ארויסצוברענגען אידישע ווערטער מיטן אייגענעם ווילן. דאָס קינד וועט נעמען ריידן, אויב דער ענין וועט זיין ניט צו האַרב, דאָס הייסט, אויב מע קען עס פאַראינטערעסירן און אַוועקשטעלן אין אזא לאַגע, אז עס זאָל גרינג קענען געפינען די ווערטער וואָס עס באַדאַרף.

מע דאַרף וואָס מער אויפמונטערן די קינדער זיי זאָלן ריידן. דעריבער דאַרף דער מאַטעריאַל צום לייענען, די מעשיות וואָס דער לערער דערציילט, די לידלעך וואָס מע לערנט אויף אויסווייניק – אַלץ דאַרף זיך דרייען ארום דעם קינדערשן לעבן, כדי אַלץ זאָל שטופּן צום מיטטיילן עפּעס פון אייגענעם לעבן.

די זעלביקע טעמע קומט אויס אָפט איבערצוחזרן, ערשטנס וויל דעם קינדס אינטערעסן דרייען זיך ארום די זעלביקע זאַכן, און צווייטנס וויל די נייע ווערטער און אויסדרוקן נייטיקן זיך אין איבערחזרונג, כדי מע זאָל זיי גוט באַהערשן. דער אינטערעס זאָל דערביי ניט ווערן אָפּגעקילט, קומט אויס דעם לערער צוצוקלערן פאַרשיידענע וואַריאַציעס אויף דער זעלביקער טעמע. אין דער פּראָגראַם זיינען די וואַריאַציעס פאַראַן בלויז טיילווייז, זייער גרעסערע צאָל דאַרף געבן דאָס טעקסטבוך אָדער די אַרבעטסהעפטן, אָדער דער לערער דאַרף דערגאַנצן פון זיך.

אין א קען זיין: 1) מינדלעכע קאָלעקטיווע קאָמפּאָזיציע, 2) מינדלעכע אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציע, 3) שריפטלעכע קאָלעקטיווע קאָמפּאָזיציע. די לעצטע פאָרעם פון קאָמפּאָזיציע, די שריפטלעכע אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציע, קען מען נאָך פון א ניט פאָדערן, סיידן עס זיינען אָנגעקומען קינדער וואָס קענען ריידן ייִדיש פון דער היים.

די מינדלעכע קאָלעקטיווע קאָמפּאָזיציע האָט אין א אזא פּנים:

דער לערער קריגט ארויס פון א צאָל שילער עטלעכע זאַצן וועגן איין ענין. יעדער שילער האָט געגעבן ניט מער ווי איין זאַץ, אָבער דער קלאַס אין גאַנצן האָט געשאַפן א קאָמפּאָזיציע. ווען די זאַצן זיינען שוין פאַראַן אין דער געוואונטשענער געשטאַלט, חזרט זיי דער לערער איבער פאַרן קלאַס, און דער גאַנצער קלאַס זאָגט זיי נאָך.

אַט די קאָלעקטיווע מינדלעכע קאָמפּאָזיציע איז א צווישנריננג צווישן דעם איינציקן זאַץ וואָס מע קריגט ארויס פון קינד אין דער אינדיווידועלער מינדלעכער קאָמפּאָזיציע, וואָס באַשטייט מינימום פון צוויי זאַצן. אַט דער מין קאָמפּאָזיציע איז דער גרונטשטיין פאַרן גאַנצן ייִדיש-לימוד, ווייל פשוט גע-רעדט הייסט דאָך עס – דאָס קינד רעדט! דאָס וואַקסן פון דער אינדיווידועלער מינדלעכער קאָמפּאָזיציע פון צוויי זאַצן צו דריי אין א, און שפּעטער צו מער זאַצן באַדייט דאָס שטייגן פון דעם קינדס קענטעניש אין ייִדיש.

ווען דער לערער פאַרשרייבט אויפן טאָוול די זאַצן פון דער קאָלעקטיווער קאָמפּאָזיציע און די קינדער שרייבן אראָפּ פון טאָוול אין זייערע העפט, באַקומט זיך קאָלעקטיווע שריפטלעכע קאָמפּאָזיציע.

אַן אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציע און אלף האָט אַן ערך אַזאַ פּנים:

1) אין מיטן יאָר: „איך האָב א קליין שוועסטערל. זי הייסט פּערעלע."

סוף יאָר: „איך האָב א קליין שוועסטערל. זי הייסט פּערעלע. איך האָב זי זייער ליב".

2) אין מיטן יאָר: „איך האָב געהאָלפן דער מאַמען. האָב איך צעבראָכן א גלאָז".

סוף יאָר: „איך האָב נעכטן געהאָלפן דער מאַמען אראָפּנעמען פון טיש. איך האָב צעבראָכן א גלאָז. די מאַמע האָט ניט געשריען אויף מיר".

3) אין מיטן יאָר: „איך בין געקומען אהיים א נאַסע. די מאַמע האָט אויף מיר געשריען".

סוף יאָר: „עס האָט גערעגנט. איך בין געווען אין גאַס און געוואָרן א נאַסע. די מאַמע איז געווען אין כעס אויף מיר".

4) אין מיטן יאָר: „לייבעלע האָט געשטופּט פּערעלען. פּערעלע איז געפאַלן".

סוף יאָר: „ווען מיר זיינען ארויס פון שול האָט לייבעלע געשטופּט פּערעלען. פּערעלע איז געפאַלן."

5) אין מיטן יאָר: „נעכטן איז די גאַס געווען פול מיט שניי. איך ליב דעם שניי".

סוף יאָר: „ווינטער איז די גאַס געווען פול מיט שניי. מיר האָבן זיך געשפּילט מיטן שניי. איך האָב ליב שניי."

די אַלע ביישפּילן גיבן איבער די טעמעס און דעם ווערטער-באַ-שטאַנד. פאַרשטייט זיך אָבער אַז די פאָרעס קען ניט זיין קיין קאָרעקטע. אָבער אומאָפּהענגיק פון פּגימות אין דער פאָרם, דאַרף אַזאַ מדרגה קענען ייִדיש וואָס זאָל מאַכן מיגלעך א מינדלעכע קאָמפּאָזיציע פון אַן ערך צוואַנציק ווערטער זיין דער מינימום פאָדערונגען ביים אריבערהייבן פון קלאַס א אין קלאַס ב.

אצינד גייען מיר איבער צו דער רשימה פּאַטיקע טעמעס פאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע.

2) די טעמעס פאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע

די שול. וואָס זע איך אין שול. וואָס נעם איך מיט אין שול.

וואָס דאַרף איך איך האָבן צו קענען שרײַבן. די ווענט פון צימער. די בילדער אין שול. איך האָב פאַרגעסן צו ברענגען! איך בין שפּעט געקומען. איך האָב נעכטן ניט געקענט קומען. ווען די מאַמע האָט מיך געפירט אין שול.

איך וויל גײן אין דער ײדישער שול. מײַן מאַמע העלפט מיר אין דער הײם. דער זײדע הערט ווי איך לײענען ײדיש. איך האָב געזאָגט אויסהײניק. איך האָב ליב צו זינגען ײדישע לידער. איך האָב אויך פאַרגעטעלט! מיר מאָלן. מיר שערן אויס. מיר וואַרטן אויפן לערער. דער הויף פון שול איז פול מיט קינדער.

מיר זיצן רואיק. מיר אַלע זײַנען געווען רואיק. ער שטופּט זיך! זעט, מאַנטלען ליגן אויף דער ע רד! אַלע קינדער הילן גײן צום טאוול.

ווען דער לערער דערצײלט א מעשה. איז דאָס געווען א שײנע מעשה! איך האָב דעם לערער ניט פאַרשטאַנען. דער לערער איז געווען צופרידן. א גאַסט אין שול. יאַנקעלע איז ווידער דאָ אין שול. עטעלע איז געקומען מיט א חברטע. אַלע לאַכן! בערעלע לערנט זיך אַזוי גוט. מײַנע ביכער. איך האַלט רײן מײַן העפט.

איך האָב פאַרגעסן אָפּצוגעבן דעם בריוו. די מאַמע וועט קומען אַלײן.

די הײם: מאַמע, איך בין הונגעריק! די מאַמע גיט עסן. די מאַמע גרייט צו. וואָס טוט די מאַמע? מײַן מאַמע איז אַזאַ גוטע! די מאַמע איז ניט געווען אין כעס אויף מיר. מײַן מאַמע שרײַט קײן מאָל ניט אויף מיר. די מאַמע נעמט מיך מיט. וואָס די מאַמע האָט מיר געקויפט. די מאַמע שפּילט זיך מיט מיר. איך העלף דער מאַמען. די מאַמע וויל ניט איך זאָל איר העלפן. וואָס די קינדער האָבן געגעבן דער מאַמען. ווען די מאַמע איז ניטאָ אין דער הײם. די מאַמע אַרבעט אין שאַפּ. ווען מיר וואַרטן אויף דער מאַמען. די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן. די מאַמע וויל ניט איך זאָל זיך שפּילן מיט אים. די מאַמע לאָזט ניט אַרויסגײן פון שטוב. קום שוין אַרײַן! - שרײַט די מאַמע. מײַן ברודער האָט ניט געפאָלגט.

דער טאַטע קומט אַהײם! דער טאַטע ברענגט שײנע זאַכן. וואָס טוט דער טאַטע? ווען איז דער טאַטע אין דער הײם? וואָס טוט דער טאַטע אין דער הײם? וואָס טוט דער טאַטע אין שאַפּ? איך גײ מיטן טאַטן שפּאַצירן. דער טאַטע, מײַן שוועסטערל און איך. ווי אַזוי דער טאַטע שפּילט זיך מיט אונדז. דער טאַטע פרײט זיך ווען איך לײען ײדיש. ווען ווערט דער טאַטע אין כעס? שטילער, דער טאַטע שלאָפט! וואָס לײענט דער טאַטע? דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן. דער טאַטע איז איצט א טרויעריקער. דער טאַטע האָט ניט קײן אַרבעט. „טאַטע, גיב מיר געלט!"

מײַן קלײן ברודערל האָט שוין א צײנדל. וואָס טוט מײַן גרויסער ברודער. מײַנע שוועסטער קריגן זיך. איך לערן מײַן קלײן שוועסטערל. איך וויל האָבן א קלײן שוועסטערלן מײַן ברודער איז א שטיפער. מײַן ברודערל כאַפּט פיש אונטערן טיש. אונדזער פאַמיליע.

דער זײדע איז אַן אַלטער. דעם זײדנס ברילן. שאַ, שטיל, דער זײדע שלאָפט! מיר גײען צום זײדן. גוט מאָרגן, זײדע! דעם זײדנס קלײדער. די באָבע איז א גוטע. די באָבע דערצײלט אונדז מעשהלעך. וואָס די באָבע האָט מיר געגעבן. די באָבע איז א קראַנקע. די באָבע באַקט באַקט געשמאַקע קיכעלעך. די מאַמע און די באָבע רײדן. איך זינג א ײדיש לידל פאַרן זײדן און דער באָבען.

דער פעטער איז אַזאַ פרײלעכער. ווען די מומע קומט צו אונדז. מײַן מומע איז א יונגע. וואָס די מומע ברענגט אונדז. ווער וואוינט בײַ אונדז. ווער קומט צו אונדז צו גאַסט.

אונדזער היים. וויפל צימערן זײַנען דא בײַ אונדז. וואו שלאָף איך. וואו האָב איך ליב צו זיצן. וואו מיר האָבן פריער געוואוינט. מיט וועמען שפיל איך זיך אין דער היים. וואו זײַנען מײַנע זאכן. וואו באהאלט איך זאכן פון מײַן שוועסטערל. מײַן בעט. וואו שרײַב איך אין דער היים.

די קיך. וואס זעט מען אין קיך. די מאמע וויל נישט איך זאל זײַן אין קיך. פאר וואס געפעלט מיר צו זײַן אין קיך.

מיר ווארטן אויף געסט. געסט קומען, געסט קומען! גוטע זאכן פאר געסט. ווען מײַנע חברים קומען צו מיר.

ווי אזוי איך האָב געקראָגן א הינטעלע. אונדזער גרויסער הונט. אונדזער קעצעלע. איך גיב עסן מײַן קעצעלע. דאס קעצל פארשלעפט מײַנע שיך. איך לערן דאס קעצעלע. מיר האָבן א געל פײגעלע. אונדזערע פישעלעך. דאס הינטעלע גײט מיט מיר אין שול.

מײַן טאָג. ווען שטײ איך אויף. וואס טו איך אין דער פרי. גענוג געשלאָפן! א מעשה מיטן וואשן זיך. איך לויף אין שול. ווען בין איך אויפן גאס. ווען לײען איך. איך האָב נישט קײן צײַט זיך צו שפילן! שוין גײן שלאָפן! וואס טו איך אין אָוונט. שבת פאר מיטאָג. זונטיק נאָך מיטאָג. די טעג ווען איך גײ אין שול.

געשעענישן. זיך צעקלאפט. געפאלן און זיך גאָרנישט ווי געטאָן. זיך צעשניטן א פינגער ביז בלוט. אראָפגעפאלן! זיך צעשלאָגן מיט חברים. נאס געוואָרן אונטערן רעגן. מיר טאנצן אין רעגן. נישט געקענט אראָפקריכן פון בוים. געכאפט א פײגעלע. איך האָב זיך געשעמט. איז דאס געווען א גוטער טאָג! איך געדענק עס! איך האָב עס אלײן געזען!

נעכטן איז געווען מײַן געבורטסטאָג. וואס איך האָב געקראָגן צו מײַן געבורטסטאָג. בײַ מײַן חברטע אויף איר געבורטסטאָג. מײַן ברודערס געבורטסטאָג איז געווען אזא פרײלעכער!

מיר זײַנען אלע געפאָרן צום פעטער. מיר פאָרן מיט א גרויסער שיף. האָב איך זיך געפרײטן איך האָב זיך אזוי געשראָקן!

איך בין געווען קראנק. איך האָב זײער שטארק געהוסט. איך בין שוין ווידער געזונט. מײַן ברודערל איז קראנק. דער דאָקטער איז געקומען. מײַן שוועסטערל שרעקט זיך פארן דאָקטער.

חברים און שפיל. מײַן בעסטער חבר. ער איז שוין לאנג מײַן חבר. ער איז א שלעכטער. איך שפיל זיך נישט מער מיט אים. מיר האָבן זיך געקריגט. מײַן חבר העלפט מיר. וואס האָט מיר מײַן חברטע געגעבן. אלע מאָל שפילן מיר זיך צוזאמען. וואס איך האָב צוגעזאָגט מײַן חבר. מײַן חברטע וואוינט לעבן אונדז.

מײַנע ליאלקעס. איך לערן מײַן שוועסטערל און די שוועסטערל - איר ליאלקע. די ליאלקע איז צעבראָכן! א נײַ קלײדל פאר דער ליאלקע.

א נײַע הארטע פילקע. פארלאָרן א פילקע. „נאָר פילקעס און פילקעס" - זאָגט דער זײדע. מײַנע רעדלעך. איך לאָז זיך אויף רעדלעך. מיר לאָזן שיפלעך אויפן וואסער. מיר לויפן ווי דער ווינט מיר פארנעמען די גאנצע גאס. מיר שפילן זיך אין קאָץ-און-מויז. מיר פארשטעלן זיך. א שפיל אין שול.

מיר ווארפן זיך מיט שנײ. אויף א שליטעלע. מיר האָבן געמאכט א שנײמענטשן וואו איז דער שנײמענטש?

צײַט. א מעשה מיט א זײגער. זאל שוין זײַן פרילינג! ווען די בלעטער פאלן פון די בײמער. עס רעגנט א גאנצן טאָג. א שנײ! א שנײ! די וועלט

איז א וויסע. עס איז געווען אזוי קאלט. איך האב זיך אויסגעגליטשט.

די ביימער זיינען ווידער גרין. מיר שפילן זיך ווידער אין גאס. אין א היסן טאג. איז דאס געווען היים! איך וועל פארן אין קעמפ. מיר זיינען געווען אין דארף. וואס האב איך געזען אין דארף. מיר פארן כאפן פיש. מיר זיינען אוועק אין וואלד.

מיר זיינען געווען ביים זיידן צום סדר. נייע קליי דער צו פסח. עס איז געווען אזוי פריילעכער דער פריילעכער פורים.

קליידונג און עסנווארג. וואס טראג איך. איך ווארט ביז מע פארריבט מיינע שיך. צעריסן דאס קליידל. דאס קליידל איז ריין. די פארבן פון קליידער. געהאלפן וואשן. א נייער מאנטל. שמוציקע שיך.

וואס איך האב געגעסן. איך האב פיינט זופ. איך האב ליב עפל. דער מיטאג. „מאמע, גיב מיר נאך!" זי וויל קיין זאך ניט עסן. געגעסן א סך שאקאלאד. געכאפט ביים נאשן. גענאשט און אראפגעפאלן פון שטול. מער פון אלץ האב איך ליב צו עסן.....

די גאס. וואס זע איך אין גאס. וואס זע איך דורך דעם פענצטער. אונדזער גאס איז א שטילע. די גאס איז פול מיט קינדער. מע לאזט אונדז ניט זיך שפילן אין גאס. דער חבר ווארט אויף מיר. דער גרעסטער שטיפער פון גאס. ווער וואוינט לעבן אונדז.

דער וואס פארקויפט עפל שטייט איצט פאר דער טיר. די מאמע האט מיך געשיקט צום קרעמער. איך האב געטראפן אן ארעמען מענטשן.

ווער שרייט אין גאס? צוויי מענטשן האבן זיך צעשלאגן. אן אלטע איז געפאלן. צוגענומען דעם שניי. ביימער און בלומען אויף אונדזער גאס.

ארבעט. וואס קען איך טאן. איך בין א גאנצן טאג פארנומען. מער פון אלץ האב איך ליב צו קלעפן.

אלע ארבעטן; וואס מע טוט אין שאפ. וואס טוט דער בעקער (דער קרעמער, דער שניידער, דער דאקטער, דער לערער). אין א שאפ זיינען דא א סך ארבעטער. אין דארף האב איך געזען ווי מענטשן ארבעטן אויף א פעלד.

בריוו. דער ערשטער בריוו צום זיידן. א בריוועלע דער חברטע. א בריוו פון קעמפ. א בריוו פון דער מומען. א בריוו נאך פסח. א בריוו וועגן ווינטער. א בריוול א קראנקן חבר. א בריוו דעם לערער.

## ג) וואקאבולאר פאר א

### ב) דערקלערונגען

ווילן מיר אז די קינדער זאלן זיך אויסלערנען ריידן, מוזן מיר אפערירן מיט א באגרענעצטן וואקאבולאר. מיר מארן ניט צעטומלען מיט ווערטער אן א שיעור און אן א מאס. ווילן מיר די קינדער זאלן רייך יידיש, מוזן מיר אנהייבן צו זארגן וועגן דעם פון דעם ערשטן טאג אן, ווען עס קומט אן אין שול און ניט אפלייגן אויף שפעטער, נאכן אויסלערנען לייענען און שרייבן. מוז מען ווידער זארגן וועגן דעם וואקאבולאר, עס זאל זיך ניט קענען באקומען א לאגע, אז מע לייענט דורך ווערטער וואס מע פארשטייט זיי ניט. בכן איז נייטיק צו זיין ביז גאר אפגעהיט מיטן וואקאבולאר אין א.

ווי עס איז געווען אנגעוויזן אויבן, איז די מאקסימאלע פארציקע ווערטער וואס מע וואלט מעגן געבן - דריי הונדערט דעם ערשטן זמן, אכט-ניין הונדערט

ביז סוף יאר. ווייטער וועט מען געפינען א רשימה פאר א וואס אנטהאלט קוים 700 ווערטער. די דאזיקע כמעט זיבן הונדערט ווערטער (682) זיינען גענוג כדי צו פירן שמועסן, כדי די קינדער זאלן שאפן זייערע קאמפאזיציעס אויף אלע טעמעס, וואס ווערן אנגעגעבן אין פונקט ב). ניט אט די ווערטער קען מען דערציילן א סך מעשיות, ספעציעל קען מען איבערגעבן זאכן וואס האבן א שייכות צום קינדערלעבן. אבער אזוי ווי מע דארף אויך פארלייענען מעשיות פאר די קינדער און לערנען מיט זיי לידער אויף אויסווייניק, וועלן צוקומען נאך א ביסל ווערטער, מעגלעך אז אויך א טעקסטבוך פארן גאנצן א וועט שווער אויסקומען בלויז מיט די דאזיקע 700 ווערטער. האט מען אבער אזוי צו זאגן א מעגלעכקייט צוצוגעבן נאך הונדערט ביז צוויי הונדערט ווערטער, הירוב סובסטאנטיוון. אבער נאך א מאל: דער מאקסימום פאר א טאר ניט זיין מער ווי ניין הונדערט ווערטער, געוואונטשן איז אבער מע זאל ניט דארפן דערגיין צו אט דעם עקסטרעמען גבול. לערנען ווערטער אליין מאכט נאך ניט מעגלעך דאס ריידן און א מאל אפילו מאכט עס ניט מעגלעך דאס פארשטיין. קומט אויס צו לערנען אויסדרוקן, פארבינדונגען פון ווערטער, טיפישע ווענדונגען מיט די ווערטער - און אויף אזא אופן איז א גענוגיקע הכבדה פאר א א אפילו דער באגרענעצטער וואקאבולאר.

אויבן איז שוין אנגעוויזן פון וואנעט, אויף וואסער סמך עס האבן זיך גענומען די ווערטער אין דער רשימה פאר א. די דאזיקע רשימה איז א סענטא-טיווע און די פראקטיק וועט מסתמא אריינטראגן געוויסע שינויים אין איר. אבער זי דארף באטראכט ווערן ווי א ריכטליניע ביים ארויסגעבן מאטעריאלן פארן א. די רשימה איז געווען דער יסוד ביים צונויפשטעלן די גארע ידיש-פראגראם פארן א. דעריבער ווערט זי דא אונטן געגעבן אין דעם אלף-בית-סדר. פריער אבער קומט דער פראקטישער, פאר דער שול איינציק מיגלעכער סדר: די זעלביקע ווערטער אין לאגישער געקניפטקייט, ארויסגערייט אויף שנירלעך פון שמועס-טעמעס. עס איז אבער נייטיק אז די זעלביקע נייע ווערטער זאלן זיך וואס אפטער איבערחזרן אין אן אנדער צוזאמענהאנג און דורך דעם זיך איינאנקערן אין זכרון.

הכלל, דער וואקאבולאר פארן א ווערט דא געגעבן אין צוויי געשטאלטן: פריער על פי טעמעס פאר שמועס און קאמפאזיציעס, דאס הייסט אין א זאכלעכן און לאגישן צוזאמענהאנג, אזוי ווי דאס ווערט געגעבן פאר אלע ווייטערדיקע קלאסן, און נאך דעם, ווי א הוספה, וואס העלפט זיך אריענטירן און וואס סומירט אין א געשטאלט פון א קליינעם ווערטערביכל.

2) <u>וואקאבולאר פאר „א" נאך טעמעס נאך.</u>

<u>די שול.</u> שול-לערער-לערנען זיך-קינדער. גיין אין שול - קומען אין שול - זיין אין שול. קומען שפעט, קומען צו דער צייט. מיטנעמען ביכער, א העפט, א בלייפעדער. א טיש - בענק - בילדער - פענצטער - טיר. שרייבן מיט טינט, מיט א פעדער, שרייבן מיט א בלייפעדער. שרייבן אויפן טאוול, שרייבן אין א העפט, אויף שטיקלעך פאפיר. גיין צום טאוול, אפמעקן פון טאוול, אראפ-שרייבן פון טאוול. ברענגען, פארגעסן צו ברענגען, גענומען, מיטגענומען.

דאס העפט - רעכטע זייט - לינקע זייט - שרייבן פון רעכטס אויף לינקס. פון אויבן, פון אונטן, אנהייבן, נאך דעם, ענדיקן, שרייבן איבער דער ליניע, צווישן די ליניעס, אונטער דער ליניע. א בוך - א בלאט - א זייט - א שורה. דאס ווארט, א ניי ווארט, עס איז לייכט, עס איז ניט שווער. דאס ווארט האט אותיות, אן אות. מיר קענען שוין דעם אות. אפמעקן, איבערשרייבן, שרייבן שיין, ריין, ריכטיק. שרייבן נאך א מאל, ווידער שרייבן, האלטן ריין דאס העפט, פארמאכן, זיין פארטיק.

שול - ידישע שול - זיך לערנען ידיש - ריידן ידיש. זינגען - ליד - זינגען א ידיש לידל. לערנען אויף אויסווייניק, קענען זאגן אויף אויסווייניק, הערן ווי ער זאגט אויף אויסווייניק. געוואוסט - זיך פארגעסן - זיך דערמאנען.

דערקלערן - פארשטיין - געדענקען. פריער וויזן - שפעטער פארגעסן - טראכטן.

לייענען גיך, גיכער, הויך, העכער, קלאר, איך זאל הערן, זיך צו-הערן. לייענען פון ביכעלע, פון העפט, פון טאוול. זינגען א ליד, אלע צוזאמען, אליין. שערן, אויסשערן, שערן פון פאפיר, פון העפט, אויסרייסן א זייטל. מאלן מיט א רויטן און געלן בלייפעדער, מאלן אויף פאפיר. מאלן בעסער, נאך א מאל. טאנצן, זיך לערנען טאנצן, קומען טאנצן.

ענטפער, ענטפערן, שווייגן, זיצן שטיל, זיצן רואיק, הייבן א האנט, ענטפערן אויף פראגעס, ווארטן ביז יענער ענטפערט, זיין רואיק, זיין גוט, פריער טראכטן - שפעטער ענטפערן, ניט זיין פויל, שמוציק. דאס איז שלעכט, אט דאס איז גוט, זייער גוט. לערנען ווייניק, לערנען א סך.

די ענטפערס: יא, ניין, גוט, טאקע, אפשר, אמת, איך ווייס ניט, איך פארשטיי ניט, איך האב פארגעסן, איצט וועל איך שוין וויסן, איך האב פאר-שטאנען, איך קען אויף אויסהווייניק, איך וויל גיין צום טאוול, איך וויל שרייבן, איך וועל עס מאכן אליין. עס איז געווען פאלש, איצט איז עס ריכטיק.

מיר וואוינען ווייט (נאנט) פון דער שול. גיין אין שול אליין, די מאמע פירט מיך אין שול. געווען קראנק, געווארן געזונט. פאר וואס ניט געווען אין שול, גיין ווידער אין שול, מיטנעמען א חברטע אין שול. דער לערער רופט ארויס - ארײנקומען - זיך זעצן - בענק.

נעמען פון די טעג. נעמען פון די פארבן: ווייס, שווארץ, רויט, גרין, בלוי, ברוין, געל. ציילן ביז הונדערט, דאס ווארט טויזנט.

א מעשה, א מעשהלע, מעשיות, דערציילן, לייענען, פארלייענען, איבער-דערציילן א מעשה. אן אמתע מעשה. אנהייבן א מעשה: אמאל איז געווען.... אמאל האט געלעבט...... איין מאל איז.......א לאנגע מעשה, א קורצע מעשה. א מעשה מיט א יינגעלע, א מיידעלע, אן אלטן מענטשן, מיט א בער, א ציגעלע, א וואלף, א פוקס, א העזעלע, א לייב. א מעשה מיט א שעפעלע א ווייסע.

<u>די היים</u> עסן - טרינקען - זיין הונגעריק - וועלן עסן. מילך - שאקאלאד. געבן - דערלאנגען - נעמען אליין. צוגרייטן דאס עסן - דערלאנגען - שטעלן אויפן טיש. מעסער - גאפל - טעלער. זופ - פלייש - פיש. זיס - ביטער, געשמאק, גוט, נאך א ביסל, ווייניק, א סך. בעטן - ווארטן - קריגן. נעמען אליין - זיין א נאשער - נאשן - נאשערייען. מאמע - קאכן - באקן - וואשן - מאכן ריין. מאמע - געבן - עפל - געשמאק. נעמען אליין - מאמע - זיין אין כעס. מאמע - העלפן - לייענען - שרייבן. חבר - זיך שפילן - מאמע - שרייען. איך - ברודער, טאן וואס די מאמע הייסט - ניט טאן, פאלגן - ניט פאלגן. די מאמע איז א גוטע, טייערע, ליבע, פיינע, שיינע.

דער טאטע: ארבעט, לייענט, זיצט, שלאפט, גייט אוועק, קומט אהיים, שפילט זיך מיט מיר, נעמט מיך מיט, גייט צום פעטער, גייט אוועק אין שאפ, קומט פון שאפ, ארבעט שווער, האט ניט קיין ארבעט, שרייט אויף מיר, איז אין כעס, איז אזא גוטער, איז אלע מאל פארנומען, וויל ניט איך זאל אים שטערן, ברענגט שיינע זאכן, קומט א פריילעכער, איז טרויעריק, גיט מיר געלט, גייט מיט אונדז שפאצירן. א גוטער זון.

ברידער און שוועסטער: גרויס, קליין, געבארן ווערן, זיך פרייען, זיין גליקלעך, זיין צופרידן, געבורטסטאג, ווערן.....יאר אלט, קריגן שיינע זאכן, זיך שפילן, זיך קריגן, לעבן גוט; א ברעקעלע - טראגן אויף די הענט - וויינען. וויגן, האלטן, געבן עסן, לאכן; שטיפער - שטיפן - שפרינגען - פאלן. אונדזער שטוב - אונדזער פאמיליע - וואוינען מיט אונדז.

זיידע און באבע: אלט, גרוי, האר, ווייס, בארד, ברילן, שטעקן, הוסטן, זיך פארשטעלן, זיין ווי דער זיידע, ליב האבן, דערציילן מעשיות, באקן קיכעלעך,

ברענגען גוטע זאכן, קומען צו גאסט, א גוטן טאָג, א גוט יאָר, זײַט געזונט, גײט געזונט. דעם ייִדנס מיט דער באָבנס זין און טעכטער.

פעטער און מומע: אלט, יונג, פריילעך, גוט, מיטנעמען, גײן צו גאסט, אוועקגײן, אוועקפאָרן, קומען צו אונדז, צוריקקומען.

קומען אהײם, זײַן אין דער הײם, איז דאָ אין דער הײם, איז ניטאָ אין דער הײם, וואוינען צוזאמען, וואוינען אלײן. צימער - וואנט - פענצטער - בילדער. טיש - שטול - בעט. קיך - טיש - טישלעך. זיך באהאלטן, זיך שפּילן, מײַן אָרט.

הונט, הינטל, קאץ, קעצל, פײגעלע, פישעלעך. קריגן א קעצל, זיך שפּילן מיטן קעצל, לערנען דאָס קעצל. קעצל - שיך - פארשלעפן. וואסער - וואשן - קעצל - שיסל. שפּרינגען מיטן הינטל, לויפן, אראָפּשפּרינגען, פאלן, ארויסלויפן, לויפן נאָכן הינטל. אין דרויסן, אין שטוב.

<u>מײַן טאָג.</u> בײַטאָג, בײַנאכט, פאַר מיטאָג, נאָך מיטאָג, אין אָוונט, אין דער פרי, אויפשטײן - זיך וואשן - זיך אָנטאָן. אויפוועקן - זיך אויסשלאָפן. וואסער - וואשן - ווישן - פּנים - האר - אויערן - האנטעך. קאלט וואסער - הײס וואסער - הענט - פיס - האלדז. גאָס און טרוקן, רײן און שמוציק.

זײַן אין שטוב, זײַן אין דער הײם. זײַן אין שול, זײַן אין דרויסן, ארײַנרופן פון גאס. זיצן אין שטוב, זיצן און לײענען, זיצן און הערן. ארבעטן, זײַן פארנומען, זיך שפּילן, האָבן צײַט, ניט האָבן קײן צײַט. א גוטע נאכט, גײן שלאָפן, אײַנשלאָפן, ליגן אין בעט, שלאָפן, אויפכאפּן זיך, די זון אין פענצטער, גוט מאָרגן.

פריער, שפּעטער, נאָך דעם, אלע מאָל, אײן מאָל.

<u>געשעענישן.</u> וואָס איז געשען? וואָס איז געשען מיט דיר? וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז דאָ? ווער שרײַט עס דאָ? ווער איז געפאלן? וואו זײַנען מיר?

געלאָפן, געפאלן, זיך ווי געטאָן, זיך גאָרניט ווי געטאָן, זיך צעקלאפּט, זיך א ביסל צעקלאפּט. זיך אויסגעגליטשט, געוואָרן שמוציק, צעריסן די הויזן, זיך אויפגעהויבן, אנטלאָפן אין שטוב. געקראָכן אויף א בוים, ארונטערגעפאלן, זיך צעריסן די הענט, צעשניטן דעם פינגער, בלוט איז געלאָפן, פארלאָרן געלט.

אוועקגעפאָרן, קומען צוריק, זיך געשראָקן, זיך געפרײט, געוויינט, געווען אין כעס, עס האָט ווי געטאָן, טאָר א פרײד! האָבן מיר געהאט א פײַנע טאָג! מיר האָבן עס אלײן געזען! צום ערשטן מאָל געזען אזא זאך.

געבורטסטאָג, זײַן אויף א געבורטסטאָג, קריגן צום געבורטסטאָג, זיך פרײען, זיך שפּילן, טאנצן, זײַן גליקלעך.

זײַן קראנק, הוסטן, ווי טאָן, קאָפּ, האלדז, ניסן, דאָקטער, רופן א דאָקטער, פאָלגן דעם דאָקטער, ליגן אין בעטן, ווערן געזונט.

<u>חברים און שפּיל.</u> חבר, חברטע, דער בעסטער חבר, דער גוטער חבר, א שלעכטער חבר, חברים אלע מאָל, זיך שפּילן מיט חברים, זיך קריגן מיט א חברטע, ווערן ווידער גוט, זײַן צוזאמען, וואוינען לעבן חבר, זײַן אין כעס ווערן אין כעס, העלפן דעם חבר, זײַן מיטן חבר, דערצײלן די חברים, די נעמען פון די חברים, פארלאָרן א חברטע, זיך געפרײט מיטן נײַעם חבר, געטראָפן די אלטע חברטע, דער חבר איז גערעכט.

שפרינגען, טאנצן, לויפן, פליען; זיך שפילן אין קאץ-און-מויז; א פילקע, א ליאלקע, רעדלעך, א שליטעלע, א שיפעלע, א פערדל, א פייפל, דער שניימענטש, זיין נאז, זיינע אויגן. זיך שפילן אין גאס, אין שטוב, אויפן הויף, אין דרויסן, לעבן שטוב.

צייט. דער זייגער, די נעמען פון די טעג, פריער - איצט - שפעטער. היינט, נעכטן, מארגן. א יאר, א וואך. דער פרילינג, בוים, בלאט, בלום, הימל, פייגעלעך, זון, גרין, ווארעם. דער זומער, היס, דארף, וואלד, פעלד, דער ווינטער, קאלט, שניי, ווינט.

עס איז ווארעם, היס, קאלט. עס רעגנט, דער שניי פאלט, די זון איז אויפן הימל, די זון שיינט. דער פרילינג קומט, דער פרילינג גייט אוועק. אין דארף: קו, הון, האן, פערד, פעלד, וואלד, גראז, די ערד.

פאר פסח, נאך פסח. עס איז שוין באלד פסח, פסח - מצה - סדר. פורים - צו גאסט - פריילעך.

קליידונג און עסנווארג. קלייד, קליידל, העמד, הויז, מאנטל, רעקל, היטל, זאקן, שיך; אלטע און נייע זאכן (קליידער). קעשענעס.

די פארבן פון קליידונג: שווארץ, ווייס, רויט, בלוי, געל, גרין, גרוי, ברוין.

קויפן, געלט, געבן, ברענגען, באצאלן, ווייזן די נייע זאכן. גאנץ, צעריסן, ריין, שמוציק, נאקעט, אנגעטאן. נייען קליידער, שניידער, שער, נאדל.

---------

ברויט, פוטער, קעז, פלייש, פיש, זופ, מילך, שאקאלאד, צוקער, עפל, ניס, קיכעלעך, נאשערייען.

געשמאק, זיס, ביטער, פריש, אלט.

עסן, אפעסן, אויפעסן, קייען, טרינקען, נאשן. טיש - טישטעך, טעלער, לעפל, גאפל, מעסער: דערלאנגען צום טיש, אראפנעמען פון טיש. גלאז- אויסוואשן - צעברעכן.

די גאס. נאנט, ווייט, יענע זייט, די זייט לעבן אונדז, ווייט פון אונדז; אריבערגיין די גאס. גיין, פארן, לויפן, הימל, ביימער, זון, ווינט, שניי, קאלט.

קרעמער - געלט - באצאלן. שוועבעלעך - פייער - זיך פרייען - שפרינגען. גיין קויפן - געלט - פארלירן - זוכן - וויינען. אן אלטע - זיך אויסגליטשן - פאלן - העלפן. ארעמער מענטש-קליין מיידעלע - געבן געלט.

ארבעט. ארבעטן, טון, מאכן, פאררייכטן; לייענען, שרייבן, מאלן, קלעפן, שערן.

שניידן מיט א שער, נייען מיט א נאדל, זעגן מיט א זעג, ארבעטן מיט א האק, קלאפן מיט א האמער. האלטן א האמער אין האנט.

גארניט טאן, זיין פארנומען, האבן ארבעט, ניט האבן קיין ארבעט, אוועקגיין אין שאפ, ארבעטן אין שאפ, זוכן ארבעט, געפינען ארבעט, זיין אן ארבעטער, ווערן אן ארבעטער, ארבעטן לייכט, שווער.

בריוו. ליבער זיידע! ליבע חברטע! אלע ביי אונדז זיינען געזונט. אלע שיקן גרוסן. וואס מאכסטו? וואס מאכט איר? ווי גייט עס דיר? אן

אנדער מאל וועל איך שרייבן מער. איך וויל שוין דיך זען. ווען קומסטו צו אונדז? וואס טוסטו איצט? וואו ביסטו געווען? פאר וואס האסטו ניט געשריבן? דו האסט צוגעזאגט צו שרייבן. זיי געזונט. שיק באלד אן ענטפער. מיט גרוס, דיין......איער.....

**א**

א (אן)
א ביסל
אבער
אדער
אהיים
אוונט
אוועק
אוועקגיין
אוועקפארן
אויב
אויבן
אויג
אויך
אויסגלימשן זיך
אויסווייניק
אויסווישן (זיך)
אויסזען
אויסטאן (זיך)
אויסרייסן
אויסשלאפן זיך
אויסשניידן
אויסשערן
אויער
אויף (אויפן)
אויפהייבן (זיך)
אויפוועקן
אויפזוכן
אויפכאפן זיך
אויפעסן
אויפשטיין
און
אונדז
אונדזער
אונטן
אונטער
אות (אותיות)
אז
אזא
אזוי
אזוי פיל
אט
איבער
איבערדערציילן
איבערשרייבן
איז
איז דא
איין מאל
איינס
איער
איינשלאפן
איך
אים
אין
אין אוונט
אין גאנצן
אין דער היים
אין דער פרי
אין דרויסן
אין כעס
איצט
איר (מערצאל)
איר (דאטיוו)
איר (פאסעסיווער פראנעמען)
אכט
אכציק
אכצן
אלט
אליין
אלע
אלע מאל
אלץ
א מאל
אמת
אמתער
אן (ברויט אן פוטער)
אן אנדער
אנהאלטן זיך
אנהייבן
אנטאן (זיך)
אנטלויפן
אנטקעגן
אנשטאט
א סך
אפגעבן
אפמעקן
אפעסן
אפשר
אראפגיין
אראפנעמען
אראפפאלן
אראפקריכן
אראפשפרינגען
אראפשרייבן
ארבעט
ארבעטן
ארבעטער
ארויס
ארויסגיין
ארויסכאפן
ארויסלויפן
ארויסנעמען
ארונטערגיין
ארונטערנעמען
ארונטערפאלן
ארט
אריבער
אריבערגיין
אריין
אריינגיין
אריינקומען
אריינרופן
ארעם (ניט רייך)

**ב**

באבע
באהאלטן (זיך
באלד
באנק (בענק)
באצאלן
באקן
בארד
בוים (ביימל, ביימער)
בויען
בוך (ביכל, ביכער)
ביז
ביטער
ביי (ביים)
ביי טאג
בייטן
ביי נאכט
בילד
בין (איך)
ביסט (דו)
בלאט
בלוט
בלוי
בלום
בלייבן
בלייפעדער
בעט
בעטן
בעסטער
בעסער
בעקער
בער (בערעלע)
ברודער (ברידער)
ברויט
ברוין
בריוו
ברייט
ברילן
ברענגען

פרעקל
ג גאָלד
גאַנץ
גאַס
גאַסט
גאָפּל
גאָרטן
גאָרניט
גוט
גיב
גיט
גײן
גיך (גיכער)
גיסט (פון געבן)
גלאָז
גליטשן זיך
גלײַך
גליקלעך
געבאָרן
געבורטסטאָג
געבן
געדענקען
געהערן
געוואוסט
געווינען
געווים
געווען
געזונט
געל
געלט
גענוג
געפינען
געפעלן
גערעכט
געשמאַק
געשען
געשרײ
גראָז
גרוי
גרויס
גרוס
גרין
ד דאָ
דאָס
דאָנערשטיק
דאַנקען
דאָקטער
דאָרטן
דאַרף
דאַרפן
דו
דורך
די
דײַן
דיך (אקוזאטיוו)
דינסטיק
דיר (דאטיוו)
דער
דערלאַנגען
דערמאָנען (זיך)

דערפאַר
דערצײלן
דערקלערן
דערשרעקן (זיך)
דרײַ
דרײַסיק
דרײען
ה האָבן
האָז (העזל)
האָט
האַלב
האַלדז
האַלטן
האַמער
האָן
האַנט (הענט)
האַנטעך
האָסט
האַק
האָר
האַרט
הוט
הויז
הויזן
הויך
הויף
הון (הינער)
הונגעריק
הונדערט
הונט (הינטל, הינט)
הוסטן
היטל
היטן
הײבן
הײַנט
הײם
הײסן
הימל
הינדעלע
הינטער
העכער
העלפט
העלפן
העמד
העפט
הערן
וו וואו
וואוינען
וואָך
וואַלד
וואָלט
וואָלף
וואַנט
וואָס
וואַסער
וואַקסן
וואָרט
וואַרטן
וואַרעם
וואַרפן

וואַשן (זיך)
ווי
וויגל
וויגן
ווידער
ווײַזן
ווײַט (ווײַטער)
ווײ טאָן
ווײַל
ווײניק
ווײנען
ווײס
ווײס (איך)
וויל
ווינט
ווינטער
וויסן
וויפל
ווישן
וועגן
וועלט
וועלכער
וועלן
ווען
ווער
ווערן
ז זאָגן
זאַך
זאָלן
זאַמד
זאָקן
זוכן
זומער
זון די
זון דער
זונטיק
זופּ
זי
זיבן
זיבעציק
זיבעצן
זײַ
זײ
זײגער
זײדע
זײַט (די)
זײַן (ווערב) זײַן (פּראָנאָמען)
זײַנען
זײער (גוט)
זײער (פּראָנאָמען)
זיך
זיכער
זינגען
זיס
זיצן
זעג
זעגן
זעכציק
זעכצן

זען
זעצן זיך
זעקס
חבר (חברים)
חברטע
טאָג
טאװל
טאטע
טאָכטער
טאנצן
טאקע
טויזנט
טון (טאָן)
טײל
טײער
טיכל
טינט
טיף
טיר
טיש
טישטעך
טעלער
טראָגן
טראכטן
טרויעריק
טרוקן
טרײבן
טרינקען
טרעפֿן
י יא
יאָר
יונג
ײד
ײדיש
ײנגל (ײנגעלע)
יעדערער
יענער
כ כאפּן
ל לאָזן
לאכן
לאָמיר
לאנג
לויפֿן
ליאלקע
ליב
ליב האָבן
ליגן
ליגן (ניט אמת)
לײב
לײגן (זיך)
לײכט
לײענען
ליכט
ליכטיק
ליניע
לינק
לינקס
לעבן
לעבן (בײ)
לעפֿל
לעצטער
לערנען (זיך)
לערער
מ מאכן
מאָל
מאָלן
מאמע
מאן
מאָנטיק
מאנטל
מאָרגן
מוזן
מויז
מויל
מומע
מיט (מיטן)
מיטאָג
מיטװאָך
מיטנעמען
מײדל (מײדעלע)
מײן
מײנען
מיך
מילך
מיר (מערצאָל)
מיר (דאטיװ)
מעגן
מענטש
מעסער
מער (מער ניט)
מעשה (מעשהלע, מעשיות)
מצה
נ נא דיר
נאָדל
נאָז (נעזל)
נאָך
נאָך א מאָל
נאָך דעם
נאכט
נאָמען (נעמען)
נאָענט
נאס
נאקעט
נאָר
נאריש
נאשן
נאשער
נאשערײ
נו
נוס (ניסל, ניס)
נידעריק
ניט
ניטאָ
ניט מער
נײ
נײטיק
נײַן
נײן
נײנציק
נײנצן
נײען
ניסן
נעכטן
נעמען
נעסט
ס סאָרא
סדר
ע עלף
ענג
ענדיקן
ענטפֿער
ענטפֿערן
עס (סו)
עסן
עפּל
עפּעס
עפֿענען
ער
ערד
ערשטער
פּ פּאפּיר
פּאָר
פּוטער
פּילקע
פּורים
פּנים
פּסח
פֿ פֿאָלגן
פֿאלן
פֿאמיליע
פֿאר
פֿארב
פֿארגעסן
פֿאר װאָס
פֿאָרויס
פֿארטיק
פֿאָרלײענען
פֿארלירן
פֿארמאכן
פֿאָרן
פֿארנומען
פֿארקויפֿן
פֿאררײבן
פֿארשטײן
פֿארשטעלן זיך
פֿארשלאָפֿן
פֿארשלעפּן
פֿארשרײבן
פֿויל
פֿול
פֿון
פֿוס (פֿיסל, פֿיס)
פֿופֿציק
פֿופֿצן
פֿוקס
פֿײגעלע (דער פֿויגל, די פֿײגל)
פֿײן
פֿײנט האָבן
פֿײער
פֿײפֿל

פײפֿן
פֿילן
פֿילן זיך
פֿינגער
פֿינף
פֿינצטער
פֿיר
פֿירן
פֿיש (פֿישעלע)
פֿלײש
פֿליען
פֿעדער
פֿעטער
פֿעלד
פֿעלן
פֿענצטער
פֿערד
פֿערציק
פֿערצן
פֿראַגע
פֿרײד
פֿרײטיק
פֿרײלעך
פֿרײנד
פֿרײען זיך
פֿרילינג
פֿריער
פֿריש
פֿרעגן

צ צאָל
צו
צו גאַסט
צוגרײטן (זיך)
צוהערן זיך
צוואַנציק
צװײ
צװײג
צװײטער
צװישן
צװעלף
צוזאָגן
צוזאַמען
צונעמען
צו ערשט
צו פֿרידן
צוקער
צוריק
צוריקגײן
צוריקקומען
ציגעלע
צײט
צײכענען
צײלן
צײן (צאָן)
צינגל
צימער
צעבּרעכן
צען
צעקלאַפּן (זיך)
צערײַסן (זיך)
צעשלאָגן זיך
צעשניטן (זיך)
צעשנײַדן (זיך)

ק קאָכן
קאַלט
קאָפּ
קאַץ (קעצל)
קאַץ-און-מויז
קו
קויפֿן
קומען
קוקן
קורץ
קושן
קײן
קײן מאָל ניט
קײנער ניט
קײען
קיך
קיבל (קיבעלע)
קינד (קינדער)
קלאַס
קלאַפּ (קלעפּ)
קלאַפּן
קלאָר
קלוג
קלײַבּן
קלײד (קלײדל)
קלײן
קלינגען
קלעפּן
קעגן
קעז
קענען
קעסטל
קעשענע
קראַנק
קריגן
קריגן זיך
קרײד
קריכן
קרעמער

ר רואיק
רויט
רופֿן
רײדן
רײך
רײן
רײַסן
ריכטיק
רירן
רעגן
רעגנט
רעדלעך
רעכט
רעכטס
רעכענען
רעקל

ש שאָפּ
שאָקאָלאַד
שבת
שוואַרץ
שווײַגן
שװעבעלעך
שװעסטער
שװער
שוין
שוך (שיכל, שיך)
שול
שורה
שטאָט
שטאַרק
שטוב
שטול
שטופּן זיך
שטיפֿן
שטיפֿער
שטײן (דער)
שטײן
שטיל
שטיקל
שטעלן (זיך)
שטעקן
שטערן (װערב)
שײן
שײנען
שיסל
שיף (שיפֿל, שיפֿעלע)
שיקן
שלאָגן
שלאָפֿן
שליטן (שליטעלע)
שלעכט
שלעפּן
שמועיק
שמעקן
שנײ
שנײדן
שנײדער
שנײט
שנײמענטש
שעמען זיך
שעפּעלע
שפּאַצירן
שפּילן (זיך)
שפּעט
שפּרינגען
שער
שערן
שרײַבּן
שרײען
שרעקן (זיך)

## 4) ארבעטן בשייכות מיטן וואָקאַבולאַר

האָמאָנימען. אין א קען מען זיך פאַרנעמען בלויז מיט די סאַמע פשוטע האָמאָנימען וואָס קומען אריין אין וואָקאַבולאַר פאַר א און וואָס קענען פירן צו אומפאַרשטענדעניש, אויב מע זאָל ניט אָנווייזן אויף זיי בײַ געוויסע געלעגנהייטן. אין וואָקאַבולאַר פאַר א טרעפן זיך אַזעלכע האָמאָנימען:
מיר (מיר גייען, גיב מיר); זײַן (זײַן מעסערל, עס וועט זײַן גוט); איר (איר גייט, גיב איר איר בײַכל); זון (אין הימל, דעם טאַטנס); ליגן (ניט שטיין, ניט אמת); שטיין (אויף די פיס, צו וואַרפן); לעבן (שטיין לעבן אים, לעבן אין שטאָט, אין דאָרף)

---

סינאָנימען. ארבעטן איבער סינאָנימען גייען ניט אריין אין פּראָגראַם פון קלאַס א. פאַרקערט, בײַם צונויפשטעלן דעם פּאַטיקן וואָקאַבולאַר דאַרף מען זען אויסצומײַדן סינאָנימען כדי דורך דער זעלביקער צאָל ווערטער צו קענען ארומכאַפּן מער באַגריפן. אָבער דאָך ווען עס קומט אויס צו לייענען א טעקסט און מע קען פאַרטײַטשן א וואָרט וואָס די קינדער האָבן ביז איצט ניט געטראָפן מיט א וואָרט וואָס זיי קענען שוין, דאַרף מען דאָך עס אוודאי טאָן, און דאָס איז דאָך שוין א געוויסע ארבעט איבער סינאָנימען. כאָטש די אַלגעמיינע טענדענץ בײַם צונויפשטעלן דעם וואָקאַבולאַר איז געווען אויסצומײַדן סינאָנימען, האָט מען ניט געקענט אין גאַנצן אויסקומען אָן זיי. למשל: פאַרגעסן, כאָטש מע קען עס אומשרייבן דורך „ניט געדענקען", אָבער דאָך איז עס א ביסל אַנדערש און חוץ דעם איז שווער אויסצוקומען אָן אַזא פּאָפּולער וואָרט.

---

אַנטאָנימען. שוין אין א קען מען זיך סיסטעמאַטיש פאַרנעמען מיט אַנטאָנימען ווי מיט א נוציקער און אינטערעסאַנטער שפּראַכאַרבעט. אין דער ערשטער רײ זײַנען דאָ פּאַסיק די פשוטע אַדיעקטיווישע אַנטאָנימען:
קורץ - לאַנג; ריין - שמוציק; געזונט - קראַנק; קאַלט - וואַרעם; אַלט - נײַ; קליין - גרויס; יונג - אַלט; קלוג - נאַריש; רעכט - לינק; ווייניק - א סך; זיס - ביטער; טרוקן - נאַס; פריילעך - טרויעריק; גוט - שלעכט; ווײַס - שוואַרץ.

חוץ דעם קען מען נעמען אַזוינע אַנטאָנימישע פאַרלעך:

פאַרלאָרן - געפונען; געגעבן - גענומען; געפרעגט - געענטפערט;
אָדער א ביסל אַנדערש: פײַנט האָבן - ליב האָבן; אָנהייבן - ענדיקן;
געדענקען - פאַרגעסן; אָדער א ביסל אַנדערש: פריער - שפּעטער, אַלע - קיינער ניט; אַלע מאָל - קיין מאָל ניט.

די סיסטעם פון די ארבעטן איבער אַנטאָנימען דאַרף אין א זײַן ביז גאָר א פשוטע: ריכטיק צונויפגרופּירן א פּאָר פאַרלעך, פאַרבינדנדיק די פאַרלעך דורך שטריכלעך אָדער אויף אַן אַנדער פּרימיטיוון אופן. עס איז אויך גוט צו ארבעטן איבער אַנטאָנימען אין פאָרם פון גאַנצע זאַצן: פריער בין איך געווען טרויעריק - איצט בין איך פריילעך; ער האָט פאַרלאָרן א בײַכל - און איך האָב עס געפונען.

---

פּאַראָנימען. ארבעטן איבער פּאַראָנימען איז נייטיק אין א, ווײַל אין תּוך איז עס גלײַכצײַטיק אַן ארבעט צו פאַרפולקומען דאָס גרינגע און גיכע דערקענען דאָס וואָרט און ריכטיק עס ארויסזאָגן.

אויב מען האָט אין קלאַס קינדער וואָס אין זייערע היימען רעדט מען אויף די דרומדיקע דיאַלעקטן, קומט אויס צו לייגן אַכט אויף ו און י: ברודער - ברידער, פוס - פיס, נוס - ניס, שוך - שיך, און - אין.

עס קומט געוויינלעך אויך אויס זיך צו פאַרנעמען מיטן ה בכלל, וואָס ניט אַלע קינדער ריידן גוט ארויס, און ספּעציעל אין אַזוינע פאַרלעך: חון - און, האָן - אָן.

עס איז זייער נוציק אַן אַרבעט פֿון אַזאַ מין: און אָדער אין?
"די מאַמע.........טעלע גייען. טעלע גייט.....שול. אַט איז שוין
טעלע.......שול. בערעלע איז.......גאַס. ער איז אַ קליינער.....
ער גייט נאָך ניט ......שול.

זיי האָבן צו טאָן מיט פּראָנאָמען, אָבער אַזעלכע אַרבעטן זיינען בכלל
גוטע שפּראַכאַרבעטן פֿאַר אַן א.

ד) גראַמאַטישע געניטונגען און אַנדערע שפּראַכאַרבעטן פֿאַר א

1) גראַמאַטישע געניטונגען

א) ווערבן אין דער איצטיקער צייט. אַרבעטן על פּי אַזעלכע מוסטערן:

a) ער גייט - איך גיי
ער זאָגט - איך ____

b) ער גייט - זי גייט
ער זאָגט - ____ זאָגט

c) איך גיי - ער גייט
איך זאָג - ער ____

d) איך גיי - זי גייט
איך זאָג - זי ____

e) ער גייט - דו גייסט
ער זאָגט - דו ____

f) איך גיי - דו גייסט
איך זאָג - דו ____

g) איך גיי - איך זאָג
דו גייסט - דו ____
ער גייט - ער ____

h) איך גיי, דו ____, ער ____
איך ____, דו ____, ער זאָגט.
איך ____, דו טוסט, ער ____

ב) ווערבן אין דער קומעדיקער צייט. אַרבעטן על פּי אַזעלכע מוסטערן:

a) דער טאַטע וועט פֿאָרן, דער טאַטע פֿאָרט.
דער טאַטע וועט ברענגען, דער טאַטע ____.

b) באַלד וועט שנייען, איצט ____ שוין.
באַלד וועט שיינען די זון, איצט ____ שוין די זון.

c) יאַנקעלע שרייבט שוין, לייבעלע וועט שרייבן.
טעלע לייענט שוין, גיטעלע וועט ____

d) יאַנקעלע שרייבט שוין, איך וועל באַלד שרייבן.
טעלע שפּרינגט שוין, איך ____ באַלד ____.

e) ווען דו וועסט לייענען, וועל איך אויך לייענען.
ווען דו וועסט אַרבעטן, ____ איך אויך ____.

f) בערעלע איז אכט יאר אלט, בערעלע ___ ___ ניין יאר אלט.

g) איך וועל לייענען, דו ___ ___, ער ______ ______

ג) <u>ווערבן אין דער פארגאנגענער צייט</u>, מיטן הילפּ ווערב <u>האָבן</u> (על פּי מוסטערן אָדער ענלעכע צו זיי ווי עס ווערט אָנגעוויזן ביי די פּונקטן א) און ב)

ד) אויטלערנען <u>איך בין געווען</u> און <u>איך בין געגאנגען</u> (אויך אין די אנדערע פּערזאָנען אין איינצאָל) אָן שום כלל, נאָר אויפן סמך פון א ריי איבערחזרונגען און געניטונגען.

ה) <u>פארקלענער־פאָרמען</u>. ארבעטן על פּי אזעלכע מוסטערן:

a) טישל - טישעלע
פּישל - ______

b) הינטל - הינטעלע
הענטל - הענטעלע
קעפּל - ______
פּיסל - ______

c) טיש - טישל - טישעלע
פּיש - ______ - ______

d) בוך - ביכל - ביכעלע
פּוס - ______ - ______
שוך - ______ - ______

e) קאָפּ קעפּל קעפּעלע
האנט ______ ______
קאַץ ______ ______

ו) <u>מערצאָל פון סובסטאנטיוון</u>

a) מיט -ן (טישן, גאסן)
b) מיט -ס (מומעס, זיידעס)
c) מיט -ך (פייגעלעך, מיידעלעך)
d) אין בריוו - צוויי בריוו (פיש, לעפל)
e) טישל - טישלעך.

ז) <u>גראמאטישער מין</u>:

a)

| <u>ער</u> | <u>און</u> | <u>זי</u> |
|---|---|---|
| דער טאטע | " | די מאמע |
| דער זיידע | " | די באָבע |
| דער יינגל | " | די מיידל |
| דער זון | " | די טאָכטער |
| דער ברודער | " | די שוועסטער |
| דער פעטער | " | די מומע |
| דער חבר | " | די חברטע |

b) די קאַץ - דאָס קעצעלע
דער הונט - דאָס הינטעלע

c) דאָס קינד !

ח) פארבינדווערטער (פרעפאָזיציעס און קאָניונקציעס):

a) <u>אין</u> (סטעלע גייט אין שול, לויפט אין שול, איז אין שול)

b) <u>מיט</u> און <u>אָן</u> (א נעמט מיט א פייגעלע, א נעמט אָן א פייגעלע און אנדערע.)

c) <u>ביי, ביים</u> (מיר זיצן ביים טיש, זיינען ביי דעם זיידן)

d) <u>צו, צום</u> (איך גיי צום בעקער)

e) <u>אויף</u> און <u>אויפן</u> (אויפן ביימעלע וואקסן עפל; אויף די צווייגן זיצן פייגעלעך)

f) <u>אז</u> _ (אז די מאמע וואשט, העלפט סטעלע וואשן)

g) <u>ווען</u> (ווען דו וועסט אריינרופן, וועל איך גיין עסן)

h) <u>ווייל</u> (מאַטעלע איז ניט געקומען אין שול, ווייל ער איז געווען קראנק)

ט) <u>פאַרטראָפן</u> . ארבעטן על פי אזעלכע מוסטערן.

<u>אַראָפּ:</u>

a) גיין : און אראָפּגיין
פאלן און אראָפּ ______
שפרינגען און ______

b) <u>אויס:</u>
ווישן און אויסווישן
רייסן און ______

c) <u>אויף:</u>
געגעסן און אויפגעגעסן
געהויבן און ______

d) <u>צע:</u>
געריסן און צעריסן
געשניטן און ______

e) <u>ארונטער:</u>
גיין - ארונטערגיין
פאלן ______

2) <u>פאַרשיידענע שפּראַכאַרבעטן</u>

איבער דוחק אין פלאץ און איבער דעם וואָס א פּראָגראַם קען ניט פארבייטן קיין ארבעטסבוך אויף שפראך, איז ניט מעגלעך דאָ אויסצורעכענען אלע פאסיקע גרינגע שפּראַכאַרבעטן כדי צו פארפעסטיקן דעם וואָקאַבולאַר, כדי צו פארגעדענקען א ריי אויסדרוקן און געוויינלעכע ווערטער-פארבינדונגען. כדי אָבער אָנצודייטן וואָסערע אַן ערך ארבעטן זיינען גוט פאר <u>א</u> ווערן דאָ געגעבן א פּאָר דוגמאות:

a) פארענדיקן: גיב מיר א ______ נא דיר ______ עס איז שוין ______ אָט קום איך ______ באלד איז שוין ______ איך וויל אליין ______ די קינדער דארפן ______ אָט דאָס איז ______

b) איז אָדער האָט?

יאנקעלע _____ מײַן חבר, ער _____ קלײן הינטל אאז"וו.

c) בײַם לערנען די נעמען פון די פאַרבן:

וואָס קען זײַן ווײַס און וואָס שוואַרץ? (אויסרעכענען א פּינף-זעקס זאכן). א קלײדעלע קען זײַן _____ עפּל קענען זײַן _____ און ענלעכע.

d) צונויפּבינדן מיט און ווערטער וואָס פּאסן זיך (טאטע, פּאפּיר, טינט, מאמע — טאטע און מאמע, פּאפּיר און טינט)

e) צו פּארפּעקטיקן די נעמען פון זאכן און אײגנשאפטן: גרויס אָדער קלײן? (מאָטעלע איז _____, דער זײדע איז _____, דאָס מײדעלע איז _____, דאָס פּערד איז _____) אויך אין ענלעכן שטײגער: זיס אָדער ביטער? און אנדערע

ח) אויסלײג-פּראָגראַם פאַר „א"

1) ווערטער וועלן געשריבן אפּגערוקט אײנס פון צווײטן. זיך מערקן:
ארויסגײן - איך גײ ארויס
אראָפּפאלן - איך פאל אראָפּ
און ענלעכע

2) די שלאָס-אותיות.

3) דער אות ר סוף וואָרט: דער ברודער, די שוועסטער און אנדערע. ספּעציעל פארגעדענקען: דער טאטע, דער זײדע

4) א און אַן. אַן קומט פאַר א וואָרט וואָס הײבט זיך אָן מיט אַ און ע.

5) יוד אָנהײב וואָרט: ייד, יידיש, יינגל.

6) די קירצונגען: ס'= עס ב' = איך

7) דער אויסלײג פון: חבר - חברטע - חברים; אמת, אמתער, אפשר, א סך, פּנים, אין בעס, שבת; מעשה - מעשהלע - מעשיות; שורה, אות, אותיות; פּסח - סדר - מצה.

8) די ענדונגען -על, -עלע.

9) די פאַרטראַפן: פאַר-, צע-, אראָפּ-, ארונטער-, אויפ-, אויס-.

10) בכלל דער אויסלײג פון די גאָר פּשוטע ווערטער פון דעם וואָקאבולאַר.

## פּראָגראַם פאַר „ב"

### א) אַלגעמיינע יסודות

### 1) די צילן

די אַרבעט אין קלאַס ב איז זייער אחריותדיק, ווייל דער לערער מוז דערגרייכן ווײַטערדיקע קאָנקרעטע רעזולטאַטן און אויסלערנען דעם תּלמיד ריידן און מוז דערפירן דערצו, אַז דער תּלמיד זאָל אַליין פּירוש זען, אַז ער טוט אויף. דאַרפן דאָ די צילן וואָס מע שטרעבט צו דערגרייכן אין ב זיין קלאָרע, דערגרייכלעכע און טעסטירלעזע. און די צילן זיינען אַן ערך אַזעלכע.

א) אין ריידן יידיש קומען צו אַזאַ מדרגה, אַז דאָס קינד זאָל סוף יאָר קענען זאָגן עפּעס, איבערדערציילן אָדער דערציילן (וועגן ענינים וואָס גייען אַריין אין קרייז פון זיינע אינטערעסן און אין גבול פון זיין באַנעמען און וואָס מען האָט וועגן זיי געלייענט און געשמועסט) אין אַ געבונדענער פאָרם, אין דריי־פיר־פינף זאַצן, וואָס זאָלן אַנטהאַלטן פון דרייסיק ביז פופציק ווערטער.

ב) אין פאַרשטיין יידיש באַנעמען וואָס עס לייענט, וואָס עס הערט פאָרלייענען אָדער וואָס עס הערט דערציילן אָדער שמועסן, בתנאי אַז דער ווערטער־אוצר זאָל ניט איבערשטייגן אַן ערך 1800 ווערטער, וואָס נעמען אַריין אין זייער צאָל די אַלע ווערטער פון א.

ג) אין לייענען יידיש פולקום באַהערשן די לייען־טעכניק אין די ראַמען פון פריערדיקן פונקט. לייענען אַזוי אַז אַ צווייטער זאָל קענען גרינג פאַרשטיין ניט אַריינקוקנדיק אין דעם געלייענטן טעקסט; לייענען זיך ניט פאַרהאַקנדיק, מיט די נאַטירלעכע פּאַוזעס און דערביי מער־ווייניק קאָרעקט אַרויסריידן דעם ריש, דעם כף, דעם למד.

ד) אין שרייבן יידיש פעסט און זיכער און ניט פּלאָנטערנדיק קענען לויט דער ריכטיקער שרייב־סיסטעם אָנשרייבן אַלע אותיות (אויך ח און ת); קענען ריכטיק פיקסירן אין שריפט די קאָמבינאַציעס טש, זש, דז; קענען אויסלייגן אַן ערך הונדערט ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעאיש, און – דער עיקר – דאָס קינד זאָל זיין אין שטאַנד שריפטלעך אויסצודריקן וואָס עס האָט צו זאָגן, אין די ראַמען ווי דאָס ווערט אָנגעצייכנט אין פונקט א), ניט מאַכנדיק קיין צו גראָבע גרייזן אין גראַמאַטיק און אויסלייג, אויף וויפל מע האָט עס דורכגענומען אין א און ב.

### 2) די מיטלען דערצו

אין קלאַס ב קומט אויס צו לייגן אין אַ גוואַלדיקער מאָס אַבט אויף דעם, דאָס קינד זאָל וואָס מער ריידן. אַזוי ווי עס איז אָנצונעמען, אַז אפילו די קינדער וואָס זיינען אָנגעקומען מיט גאָר קנאַפּע ידיעות אין יידיש, האָבן באַוויזן צו באַהערשן אַן אַקטיוון וואָקאַבולאַר פון אַן ערך 300־400 ווערטער, דאַרף מען איצט ביי יעדער געלעגנהייט סטימולירן דאָס קינד צו ריידן, איבערדערציילן און צו דערציילן עפּעס. שמועס און קאָמפּאָזיציע פאַרנעמען דאָ אַ גרויסן און חשובן אָרט.

דאָס לייענען פאַרשטייט זיך טאָר ניט ווערן פאַרוואָרלאָזט. מינימום 55,000 דאַרף מען דורכלייענען במשך פון דעם לערניאָר. אין דער סומע דאַרף שוין אַריינגיין דער מאַטעריאַל פאַרן שטילן לייענען, וואָס דערצו זיינען נייטיק באַזונדערע ביכלעך אָדער העפטן. עס איז אַבסאָלוט נייטיק צו שאַפן ווי אַ צוגאָב צום טעקסט גאָר אַ גרינגן לייען־מאַטעריאַל, וואָס זאָל האָבן דעם

זעלביקן וואָקאַבולאַר פון דעם טעקסטבוך (דעם סטאַנדאַריזירטן), וואָס זאָל פון שטאַנדפּונקט פון אינהאַלט זיין אינטערעסאַנט און צוציִעוודיק, און אַט דער לייען-מאַטעריאַל דאַרף ווערן אָבליגאַטאָרישע שטובּיקע אַרבעט וואָס ווערט קאָנטראָלירט. אין קלאַס ב קומט אויס צו לייגן אַכט אויפן שטילן לייענען אין אַ גרעסערער מאָס אין וועלכן ניט איז אַנדער קלאַס.

דאָס לערנען אויף אויסווייניק לידער ווערט פאַרגרעסערט. אין קלאַס ב דאַרף מען לערנען מיט די קינדער מינימום 12-15 לידער במשך פון יאָר.

בשייכות מיט אַרבעטן איבערן וואָקאַבולאַר, מיטן צונויפשטעלן קליינע ווערטערביכלעך, מוז מען די קינדער אויסלערנען דעם סדר פון אַלף-בית, און בשייכות מיטן לערנען אויסלייגן מוזן די קינדער וויסן די נעמען פון אַלע אותיות.

גראַמאַטישע און אַנדערע שפּראַכלעכע געניטונגען דאַרפן זיין אי שריפטלעכע אי מינדלעכע. זיי זיינען פאַרשיידנאַרטיקע, אָפטע און קורצע.

פון צייט צו צייט קען דער לערער פאַרלייענען פאַר די קינדער ווערק מיט אַ ביסל אַ רייכערן וואָקאַבולאַר, ווי למשל „ינגעלע-רינגעלע".

געניִערע אָנווייזונגען וועגן די מיטלען צו די צילן וואָס מע שטעלט זיך אין ב אין די ווייטערדיקע פּרטים פון פּראָגראַם.

ב) פּראָגראַם פאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע אין „ב"

1) דערקלערונג

אַלע פיר מינים קאָמפּאָזיציע (מינדלעכע קאָלעקטיווע, מינדלעכע אינדיווידועלע, שריפטלעכע קאָלעקטיווע, שריפטלעכע אינדיווידועלע) קען מען אָנווייזן פאַרן ב. די נייע פאָרם - די אינדיווידועלע שריפטלעכע קאָמפּאָזיציע - דאַרף באַזונדער אָפט ווערן פּראַקטיצירט; מען הייבט זי אָן פון גאָר פּשוטע שריפטלעכע אַרבעטן וואָס באַשטייען פון צוויי-דריי זאַצן און מע דערפירט זי צו פיר-פינף-זעקס זאַצן.

וועגן קאָלעקטיווער שריפטלעכער קאָמפּאָזיציע זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז זי דאַרף פאַרבייטן דאָס אָפט גאַנגבאַרע שרייבן סתם זאַצן אויפן טאָוול. אַנשטאָט צו שרייבן זאַצן, וואָס איינער האָט ניט קיין שייכות צום צווייטן און וואָס יעדער ציט גאָר אין אַ נייער ריכטונג, זאָל מען זען אַז די זאַצן זאָלן האָבן צו טאָן מיט איין ענין און ווערן גלידער פון אַ קאָלעקטיווער שריפטלעכער קאָמפּאָזיציע.

אַלע קאָמפּאָזיציעס דער עיקר די אינדיווידועלע (אויף וויפל זיי זיינען ניט קיין פּשוטע איבערדערציילונגען) האָבן צו טאָן מיטן קינדס איגענעם לעבן, מיט זיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. ביסלעכווייז און פאַרזיכטיק קען מען אין דער קאָלעקטיווער קאָמפּאָזיציע אַרויסגיין פון די דאָזיקע גרענעצן און האָבן צו טאָן מיט יענע טעמעס און אידייען וואָס זיינען וויכטיק פון שטאַנדפּונקט פון די צילן וואָס די שול שטעלט זיך (די טעמעס וועגן יידן, וועגן אַרבעטער, וועגן יושר, וועגן מלחמה) מע קען ניט לאָזן די דאָזיקע אַלע טעמעס פאַר די העכערע קלאַסן, וואָרעם וויל מען עפּעס איינפלאַנצן טיף, דאַרף מען אָנהייבן פון ווי פרי עס לאָזט זיך. אָבער דער אופן פון באַהאַנדלען די אַלע טעמעס דאַרף זיין צוטריטלעך, געפילפול, „איביש" געקניפּט און ווי מעגלעך קאָנקרעט. אין די ווייטערדיקע פאָרמולירונגען פון די טעמעס ווערן געגעבן ביישפּילן פון אַזאַ באַהאַנדלען די דאָזיקע געביטן.

אין פאַרגלייך מיטן א קומען צו אַזעלכע שינויים אויפן געביט פון קאָמפּאָזיציע: אַלע טיפּן קאָמפּאָזיציע ווערן קאָמפּליצירטער, די צאָל זאַצן ווערט גרעסער, די זאַצן גופא ווערן רייכער; די קאָלעקטיווע מינדלעכע

קאַמפּאָזיציע וואָס שליסט אָפּ אַ שמועס וועגן אַן ענין קען פאַרענדיקט ווערן ניט בלויז דורכן לערער, נאָר אויך דורך אַ גוטן תּלמיד, וואָס קען צונויפנעמען און איבערחזרן די פריער אַרויסגעבראַכטע זאַצן; די קאָלעקטיווע שריפטלעכע קאַמפּאָזיציע קען פאַרשרייבן ווערן אויפן טאָוול פון די תּלמידים גופא, אָבער עס איז אויך מעגלעך אַז דער לערער זאָל עס טאָן, ספּעציעל במשך פון ערשטן זמן אין ב. וועגן די אינדיווידועלע קאַמפּאָזיציעס איז שוין געווען די רייד.

חוץ דעם פאָדערט מען אין ב, אַז די ענטפערס אויף די געשטעלטע פראַגעס זאָלן שטענדיק זיין אין פאָרם פון גאַנצע זאַצן, חוץ יענע פאַלן ווען די אַרבעט גופא איז אַזאַ, אַז עס איז גענוג צו ענטפערן מיט אַ וואָרט אָדער צו פאַרענדיקן אַ זאַץ.

כדי צו געבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג, ביז וואָסער מדרגה עס דאַרפן דערגיין קאָמפּאָזיציעס אין ב, ווערן דאָ געגעבן דוגמאות פון קאָמפּאָזיציעס אויף פאַרשיידנמיניקע טעמעס. בלויז ביישפּילן, ניט קיין מוסטערן, זיינען דאָס. און עס איז גענוג אַז אַזוי זאָלן אויסזען די קאָמפּאָזיציעס סוף לערניאָר אין ב. דורכן פאַרגלייכן די דאָזיקע ביישפּילן מיט פּאַראַלעלע אַרבעטן פאַרן א ווערט קלאָר דער אויפטו אין ב. מיר הייבן אָן פון אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציעס:

1) איך האָב אַ קליין שוועסטערל. זי הייסט עטעלע. זי צערייסט מיינע ביכער און העפטן. זי שטערט מיר אַרבעטן. ביי נאַכט וויינט זי און לאָזט ניט שלאָפן. אָבער איך האָב זי זייער ליב און איך שפּיל זיך מיט איר.

2) די מאַמע האָט געהאַט אַ סך אַרבעט. האָב איך איר געוואָלט העלפן אַראָפּנעמען פון טיש די טעלער מיט די גלעזער. האָב איך צעבראָכן אַ גלאָז. די מאַמע האָט ניט געשריען אויף מיר. אָבער מיין ברודער האָט געלאַכט פון מיר און איך האָב זיך פאַרשעמט.

3) נעכטן איז געווען אַ גרויסער רעגן. ביז איך בין געקומען אַהיים בין איך געוואָרן אין גאַנצן נאַס. די מאַמע האָט מיר געהייסן גלייך זיך איבערטאָן אין טרוקענע קליידער. איך האָב זיך גלייך איבערגעטאָן.

4) לייבל איז אַ שלעכטער יונגל. אַלע מאָל ווען מיר גייען אַרויס פון שול שטופּט ער זיך. ער האָט אַ שטופּ געטאָן פריידעלען. פריידעלע איז געפאַלן און זי האָט זיך שטאַרק צעקלאַפּט אַ קני. זי האָט געוויינט. מיר האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך לייבלען אָבער ער איז אַנטלאָפן פון אונדז.

5) איך האָב לאַנג געוואַרט אויפן שניי, אָבער קיין שניי איז ניט געווען. איצט פרייט איך זיך זייער וואָס מיר האָבן אַזוי פיל שניי. מיר שפּילן זיך מיטן שניי, מיר פאָרן אַראָפּ די גאַס אויף שליטעלעך און אַלע קינדער זיינען צופרידן. אַלע קינדער ווילן, אַז דער שניי זאָל בלייבן אַ לאַנגע צייט.

6) דעם זומער בין איך געווען אין קעמפּ. איך בין דאָרטן געווען פינף וואָכן. דאָרטן איז געווען גוט און פריילעך. איך האָב געהאַט אַ סך נייע חברים און איך האָב אויסגעלערנט צו שווימען. מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ גוטע טאַנץ־לערערין. איך וויל דעם קומעדיקן זומער ווידער פאָרן אין קעמפּ.

און איצט אַ פּאָר ביישפּילן פון קאָלעקטיווע קאַמפּאָזיציעס:

7) אונדזער פּורים־קאַרניוואַל איז געווען זייער אינטערעסאַנט און פריילעך. עס זיינען געווען אַ סך קינדער. די שענסטע מאַסקעס האָבן געהאַט די קינדער פון אונדזער שול און פון דער שול..... פריער האָבן מיר ניט געמיינט אַז ביי אונדז וועלן די מאַסקעס זיין אַזוי גוט. אַלץ איז אָבער אַרויסגעקומען בעסער ווי מיר האָבן געהאָפט.

8) מלחמה איז א שרעקלעכע זאך. מענטשן הרגענען איינע די אנדערע. גאנצע שטעט און אפילו גאנצע געגנטן ווערן צעשטערט. די מלחמה מאכט אומגליקלעך זייער פיל מענטשן. א סך קינדער ווערן יתומים. מיר אלע זיינען קעגן מלחמה.

9) מיר אלע זיינען יידישע קינדער און מיר געהערן צום יידישן פאלק. אין א סך לענדער ליידן איצט יידן זייער שטארק. מיר ווילן העלפן אלע יידן וואס ליידן. מיר ווילן אז אלע פעלקער זאלן לעבן בשלום צווישן זיך.

10) ארעמע קינדער הונגערן אפט. זיי האבן ניט וואס צו עסן, זיי האבן ניט וואס אנצוטאן און זיי וואוינען אין זייער שלעכטע דירות. א סך ארעמע קינדער מוזן ארבעטן און קענען זיך ניט לערנען. עס איז ניט גוט און ניט גערעכט וואס עס זיינען דא ארעמע קינדער.

2) <u>טעמעס פאר שמועסן און קאמפאזיציעס אין „ב"</u>

<u>די שול.</u> אנהייב לערניאר אין אונדזער שול. אנהייב לערניאר אין סקול. איך האב שוין געוואלט ווידער צו קענען גיין אין שול. אונדזער שול איז שענער געווארן.

די נייע און די אלטע חברים. מיר פרייען זיך וואס מיר האבן דעם זעלביקן לערער. דאס נייע טעקסטבוך געפעלט מיר. איך האב געבראכט מיין חבר אין שול. איצט גיי איך שוין אליין אין שול. עס איז אינטערעסאנטער אין <u>ב</u>. וואס איך פארגעס מיטצונעמען אין שול. פאר וואס איך האב ניט געקענט קומען אין שול צוויי וואכן צייט. איך האב גוטע צייכנס. אלע אין דער היים פרייען זיך מיט מיינע צייכנס. געהיפט א קלאס. אריבערגעזעצט אין א העכערן קלאס.

„לערער, ער טשעפעט זיך!" „איך וויל לייענען! איך וויל צום טאוול!" „לערער, איך האב ניט געוואלט". א קינד אן עקשן. דער גרעסטער שטיפער אין קלאס. ווען איך האב זיך פארטראכט אין מיטן לערנען. ווען מע שטערט אונדז אין לערנען. אראפגעווארפן די מאנטלען. וואס געפעלט מיר מער פון אלץ אין דער יידישער שול. איז דאס געווען א געלעכטער! ווען דער לערער איז ניט געקומען. אויף א שעה פון זינגען.

עס איז געווען אזא שיינער קאנצערט! אונדזער שול-יום-טוב. מיין ראלע. א שפאציר אין פארק. דער פורים-קארניוואל. אונדזער שולפיקניק. קינדער פון אן אנדער שטאט קומען צו אונדז. מיר האבן א גאסט אין שול. צום ערשטן מאל זע איך א יידישן שרייבער. מיר פארמעסטן זיך מיטן קלאס <u>ג</u>.

די שענסטע מעשה וואס דער לערער האט דערציילט. די שענסטע לעגענדע. דאס שענסטע ליד וואס מיר האבן געלערנט.

<u>די היים.</u> איך האב די מאמען אזוי ליב! מיין מאמע איז אזא שיינע. ווען די מאמע פוצט זיך אויס. איך העלף דער מאמען. איך האב רחמנות אויף דער מאמען. די מאמע איז קראנק. די מאמע ארבעט אין שאפ. ווען די מאמע איז ניטא אין דער היים. „מאמע, איך בין שוין א גרויסער!" די מאמע האט נחת פון מיר. וואס די מאמע טוט. די מאמע העלפט דעם טאטן. ווען די מאמע קאכט פיש (באקט טארט, נייט, גרייט זיך צו א יום-טוב, פלעט, וואשט, רוימט אויף די שטוב, גייט מיט מיר קויפן זאכן). ווען די מאמע שרייט אויף מיר. אומזיסט געווען אין כעס אויף מיר. די מאמע האט מיך באשטראפט.

ווען איז דער טאטע דא אין דער היים. וואס טוט דער טאטע? פאר וואס קומט דער טאטע אזוי שפעט? (אזא פארמאטערטער). ווען איך שטיי אויף

איז שוין דער טאטע ניטא אין דער היים. איך וויל ווערן א גרויסער און העלפן דעם טאטן. דער טאטע לייענט מיר פאר שיינע מעשיות. דער טאטע פרייט זיך מיט מיינע גוטע צייכנס. שטילער, דער טאטע דארף זיך אפרוען. דעם טאטנס ביכער. דער טאטע פילט זיך ניט גוט. דער טאטע זוכט ארבעט. דער טאטע איז אזוי גוט צו מיר. ווען איך בעט שטארק, גיט מיר דער טאטע. וואס האב איך געטאן מיטן געלט וואס דער טאטע האט מיר געגעבן. מיטן טאטן אין יידישן טעאטער (אין פארק, אויף א לאנגן שפאציר). דער טאטע האט באשטראפט מיין ברודער. דער טאטע איז געווען אין כעס.

איך האב צרות פון מיין שוועסטערל. איך העלף דער מאמען האדעווען מיין ברודערל. מיין ברודער איז שוין א שילער פון מיטלשול. מיר קריגן זיך ארום. ווי אזוי מיין שוועסטערל שפילט זיך מיט אירע ליאלקעס. מיין גרויסער ברודער דערציילט מיר ווי איך בין געווען גאר א קליינער. ווען אונדזער גאנצע פאמיליע זיצט ביים טיש.

ווי זעט אויס דער זיידע (די באבע). דער זיידע וואוינט מיט אונדז. דעם זיידנס מעשיות. דער זיידע דערציילט ווי אזוי ער איז געקומען קיין אמעריקע. דעם זיידנס א שפאס. די מאמע ארבעט אין שאפ און די באבע אין שטוב. דער זיידע און זיינע אייניקלעך. איך לייען פאר דער באבען פון צייטונג. דער באבעס מתנות.

מיר האבן א סך קרובים. ווען מע קומט זיך צונויף פסח צום סדר. עס איז געווען א פריילעכע חתונה, צום ערשטן מאל אויף א חתונה. אלע אונדזערע קרובים וואוינען אין אנדערע שטעט. „מיר האבן דא קיינעם ניט" - זאגט די מאמע. א בריוו פון יענער זייט ים.

אונדזער (אלטע, נייע) דירה. די צימערן אין אונדזער דירה. ווי אזוי מיר האבן זיך איבערגעקליבן. אן אָוונט ביי אונדז אין שטוב. א יום-טוב אין דער היים. איך בין געזעסן אליין אין שטוב. געקומען געסט און עס איז ענג. מיין באליבטער ווינקל. איך האב ליב צו זיצן ביים ראדיא. די מאמע וויל ניט איך זאל זיך ארומדרייען אין קיך. מיר קערן איבער די שטוב.

איך האדעווע דאס הינטעלע. אונדזער פייגעלע איז אוועקגעפלויגן (געשטארבן). מיר האבן א גרויסן הונט.

מיין טאג. צו שפעט אויפגעשטאנען. די מאמע וועקט מיך שוין. מיין פרישטיק. וואס טו איך אין דער פרייער צייט. ווען איך הער ראדיא. איך זיץ און לייען. עס איז ניט אזוי לייכט מיך צו שיקן שלאפן. ווען מע דארף ניט גיין אין סקול. צווישן סקול און דער יידישער שול. נאך דער יידישער שול. דער מיטאג. דער אָוונט-ברויט. א טאג אין קעמפ. א טאג ביים זיידן צו גאסט. א טאג אין דארף. אין א רעגנדיקן טאג. אין א הייסן זומערדיקן טאג. א טאג ווי אלע טעג. איך ווארט אויף א יום-טוב.

געשעענישן. פארבלאנדזשעט. זיך אויסגעדרייט א פוס. זיך זייער שטארק דערשראקן. זיך אויסגעגליטשט. צעריסן די הויזן. דורכגענעצט געווארן. אראפגעפאלן פון דער הוידע. עס איז געשען אן אומגליק. דאס וועל איך קיין מאל ניט פארגעסן.

געוואונען! געוואונען! איז דאס געווען א גרויסע פרייד! א גרויס גליק, אליין אזוי ווייט געפארן. מיר האבן א זעלטענעם גאסט. עס איז געווען אזוי אינטערעסאנט!

מיר פארן באלד אריבער אין אן אנדער שטאט. א וויכטיקע נייס אין אונדזער פאמיליע. דאס האט געטראפן מיט מיין פעטער. דאס איז געשען אין שאפ וואו דער טאטע ארבעט.

ווען איך בין געווען קראנק. ביים קראנקן זיידן.

א פייער לעבן אונדז. זיך צונויפגעלאָפן א סך מענטשן. א גרויסער געשלעג. א שיינער פאראד. אין טאָג פון וואלן, א גרויסער טומל איבער גאָרנישט.

חברים און שפּיל. מיין בעסטער חבר. א חבר א העלד. ארויסגעהאָלפן דעם חבר. א טובה פון א חבר. מיין חבר האָט זיך איבערגעקליבן. ברוגז געוואָרן. מיר בעטן זיך איבער. א געשלעג מיט א חבר. דער חבר נעמט זיך אָן פאר מיר. די שענסטע מעשה וועגן חברים וואָס איך ווייס.

מע וויל מיך ניט ארייננעמען אין קאָן. אונדזערע שפּילן. ווען איך שפּיל בייזבאָל. מיינע מארקעס. מיר מאכן א גאנצע פאָרשטעלונג. מיר מאכן א קאָנצערט. מיר שפּילן זיך א גאנצן טאָג אין פארק.

צייט. איך ווייס גאָרניט ווי די צייט איז אזוי גיך פארביי. אין דער פרי. ווען עס ווערט פינצטער. אין מיטן העלן טאָג. הארבסטיקע בלעטער אין פארק. איך האָב ליב די צייט פון ניט קאלט און ניט וואַרעם. דער פארק אין שניי. א שניישטורעם. מען רוימט דעם שניי. דער שניי צעגייט. מיר איז קאלט אין די פיס. „טו אָן דעם וואַרעמען מאנטל" מען פארפאקט די וואַרעמע קליידער. דער פרילינג איז שוין דאָ. זומערצייט אין דאָרף. זיך געבאָדן אין טייך. קעמפּ־פּאַסירונגען. ביים קעמפּ־פייער. א שפּאציר אין וואלד. ארויס־געפאָרן מיט א שיף. אונטערן שפּריץ אין מיטן גאס.

א שפּיל אין דריידלעך. המן־טאַשן איז גוט צו נאַשן. מתנות צו פסח. דער סדר.

קליידונג און עסנוואַרג. די מאמע האָט מיך אויסגעפּוצט. דער טאַטע האָט מיר געשאָנקען......איך פריי זיך מיט די נייע קליידער. א מעשה מיט צעריסענע שיך. ער איז געגאנגען אין אלטע און צעריסענע קליידער. וואָס וויל דער ווינט פון מיין היטל? ווען די קליידער זיינען צו שווער.

„איך קען נישט מער, מאמע". „גיב נאָך א פּאָרציע". דער בעסטער מאכל. "געשמאַקע יום־טובֿדיקע מאכלים." ווען עס קומען געסט. גרויסע אויגן. די באָבע מיט איר טעפּעלע קאַווע. קיין קאַשע וויל זי ניט. וואָס מען עסט צו מיטאָג (אָוונטברויט, פרישטיק).

די גאס. ווי זעט אויס אונדזער גאס. אונדזער גאס בעת א יום־טובֿ. אונדזערע שכנים. די הייזער ארום. מיר פּוצן אויס אונדזער גאס. דער וועג אין שול. אויף א פרעמדער גאס. די גרויסע גאס ניט ווייט פון אונדז. ביים אריבערגיין די גאס.

עס איז עפּעס געשען. מענטשן לויפן. מע באַשפּריצט די גאַס. מענטשן זיצן פאַר די הייזער. די וועגעלעך מיט די קינדערלעך. די קינדער אויף דער גאַס. דער פּאָליציסט. דער פרוכטהענדלער. דער גאַסן־קערער. דער שיכפּוצער. דער שלייפער. דער צייטונגען־פאַרקויפער. א בלינדער אויף דער גאַס. די קראָמען ארום. אָן אויסגעפּוצטע קראָם. דער רעדנער אויף דער גאַס. אָן אָרעמער פידלער. אָן אלטע פרוי וואָס פאַרקויפט בייגל. דער פאַרקויפער פון אייזקרעם. א פּאָני אויף דער גאַס.

ארבעט . ביי וועמען ארבעט דער טאַטע? וואָס הייסט „זוכן ארבעט"? וואָס דער טאַטע דערציילט פון שאַפּ. דער פעטער האָט שוין לאַנג קיין ארבעט ניט. די ארבעט פון דעם קרעמער. פון וואָס מענטשן פאַרדינען געלט. אלע דאַרפן ארבעטן. עס איז ניט גערעכט וואָס אנדערע ארבעטן ניט און פאַרדינען. איז עס גערעכט וואָס אנדערע זיינען אָרעם און אנדערע רייך? אָרעם און רייך זיינען ניט גלייך. אין ארבעטס־קליידער. פאַרמאַטערט פון דער ארבעט.

דער ערשטער מאַי. א גרויסער מאַרש פון ארבעטער. איך האָב מאַרשירט. אונדזער שול אין דעם פאַראַד פון ערשטן מאַי.

מלחמה. די אומגליקן פון דער מלחמה. א מענטש וואס האט פארלארן די פיס אין דער מלחמה. זיין טאטן האט מען דערהרגעט אין מלחמה. וואס מע דערציילט ביי אונדז אין שטוב וועגן מלחמה. מיין פעטער איז געווען אין מלחמה. וואס איך האב געליטן וועגן מלחמה. עס טאר ניט זיין קיין שנאה צווישן פעלקער.

ידן. ידן אין דייטשלאנד. וואס א געקומענער פון דייטשלאנד האט דערציילט. מיר העלפן די ידן אין פוילן. מיר האבן געקליבן געלט פאר ארעמע ידישע קינדער אין פוילן. וואו האבן מיר קרובים. פון וועלכע לענדער קריגן מיר בריוו. מיר האבן אוועקגעשיקט אלטע זאכן. דער זיידע זאגט אז אים איז שווער איצט צו לייענען א צייטונג. ידן אין אמעריקע.

די ידישע יום-טובים. די שיינע ידישע לעגענדעס וואס איך ווייס. א שיינע מעשה וועגן א ידישן העלד. ידן זיינען אן אלט פאלק. פאר וואס גיי איך אין דער ידישער שול.

צווישן מענטשן. דער גוטער מענטש. די שענסטע מעשה וועגן א העלדישן מענטשן. דער העלדישער פריינד. געראטעוועט פון פייער (פון וואסער, פון אן אומגליק). א קלוגע עצה. דאס איז זייער שיין.

ער שלאגט זיך נאר. א מעשה מיט א ליגנער. א נארישע עצה. קינדער-ווידער. ער איז אזא עקשן! וויל מע בעט אים, טוט ער פארקערט. א מעשה מיט א שלעכטן מענטשן.

ער איז אזא צעטראגענער. ער האט זיך פארטראכט. עס איז א רחמנות אויף אים.

וועגן זיך. וואס וויל איך ווערן? מיר האט זיך געחלומט. איך האב פון דעם צרות. איך האב הנאה. מיר איז גוט (שלעכט).

דאס שענסטע בוך וואס איך האב געליינט. דאס שענסטע בילד וואס איך האב געזען אין קינא. מיינע באליבטע אקטיארן. איך האב געוויינט ווען איך האב דאס געזען. וואס געפעלט מיר ניט.

וועלט. דער הימל שפעט אין אוונט. ביים ברעג ים. וועגן וואסערע חיות האב איך געליינט. דאס דארף. אויפן פעלד. אין וואלד. א שפאציר איבער דעם זאאלאגישן גארטן. א שיינע מעשה מיט א חיה.

בריוו. בריוו צו די עלטערן פון קעמפ, פון אן אנדער שטאט. בריוו צום זיידן און באבען אין איראפע. בריוו צו א חבר וואס איז אין קעמפ. א בריוו וועגן געשעענישן אין שול. בריוו צום לערער. א בריוו וועגן געשעענישן אויף דער גאס. א בריוו פון איין שול צו דער צווייטער (אין אמעריקע, אין איראפע). בריוו צו א ידישן יינגל אין דייטשלאנד. א בריוו צו די קינדער אין מעדעם-סאנאטאריע. א בריוו צו א ידישן שרייבער. א בריוו צו דער רעדאקציע פון „קינדער-זשורנאל” („קינדער-צייטונג”). א בריוו צו א קראנקן חבר.

אויסגעטראכטע בריוו: א בריוו פון א ידישן יינגל פון דייטשלאנד. פון די קינדער פון מעדעם-סאנאטאריע, פון אן ארעמען ידישן יינגל פון פוילן; פון א קינד וואס ארבעט שווער צו זיינעם א חבר; פון אן ארבעטער וואס האט ניט קיין ארבעט צו זיינעם א פריינד; פון א מענטשן וואס האט געמאכט א ווייטע רייזע.

ג) פראגראם פאר וואקאבולאר אין „ב”

ב) דערקלערונג

די פראגראם פארן וואקאבולאר איז דא געבויט געווארן אויף אזא

שטײגער: 1) פון דער לכתחילהדיקער רשימה פאר א האָט דער צונויפשטעלער בײ יעדער איבערקוקן געשטריכן א רײ ווערטער, אזוי אז פון נאָנט צו 900 ווערטער איז די רשימה פאר א געוואָרן ווײניקער מיט 200 ווערטער. כמעט אלע געשטראָכענע ווערטער פון דער א־רשימה קומען ארײן אין ב; 2) עס איז גענומען געוואָרן אין באטראכט דער וואָקאבולאר פון „מײן שפּראכבוך" און צום טײל פון אנדערע טעקסטביכער וואָס עס קומט אויס זײ צו נוצן אין ב, אָבער אלע ווערטער וואָס זײנען אפנים ניט גענוג אָפטע זײנען אויסגעשלאָסן געוואָרן; 3) מען האָט זיך גערעכנט מיט די אָנגעמערקטע טעמעס פאר שמועס און קאָמפּאָזיציע און געהאט אין זינען אז דער וואָקאבולאר זאָל זײן גענוג ברײט פאר זײ; 4) מען איז געווען זײער פאָרזיכטיק מיטן ארײננעמען סינאָנימען, אָבער אין גאנצן אויסמײדן סינאָנימען איז דאָ געווען אי אוממעגלעך אי אומנײטיק; 5) מען האָט זיך דאָ געהיט פאר צו פיל ווערטער מיט יענע קלאנגען און קלאנגען־קאָמבינאציעס וואָס זײנען שווער פאר אונדזערע קינדער (פאלאטאליזירטע ל און נ און אנדערע). 6) צוזאמען מיט די 14 ווערטער וואָס שטאמען פון העבּרעאיש, וועלכע זײנען שוין געווען אין דער רישמה פאר א זײנען דאָ פאראן 98 אזעלכע ווערטער (דאָס הײסט 84 נײע). אזא פאָרציע איז ניט קײן גרויסע, איז א פארדײלעכע. די ווערטער פאר ב זײנען כמעט אלע די אײנציקע פארן באטרעפנדיקן באגריף (למשל: גנב, חלום, חזיר, טענה, יום־טוב, ברוגז, חתן, כלה, יתום, ים, שכן, עדות און אנדערע) אָדער אָן שום ספק נײטיקע סינאָנימען (למשל: מלחמה, עצה, דאגה, גזלן, חודש, שוטה, שכל און אנדערע). 7) געהאט אין זינען צוזאמען מיט יעדער וואָרט ארײנצונעמען די טיפּישע ווערטער־פארבינדונגען. למשל בײם וואָרט מלחמה: פירן מלחמה, זיגן אין א מלחמה, אוועק אויף מלחמה, קומען פון מלחמה, אָדער בײם וואָרט ארבעט: זוכן ארבעט, געפינען ארבעט, אָפּזאָגן פון ארבעט, באקומען ארבעט, פארענדיקן אן ארבעט, פארריכטן די ארבעט, ארבעטן אָן אויפהער.

עס איז דאָ געווען אוממעגלעך פארויסצוזען דעם גאנצן וואָקאבולאר. איז די פּראָגראם אין א היפּשער מאָס א טענטאטיווע. זי האָט צו טאָן מיטן פּאסיוון וואָקאבולאר. וואָסער טײל פון דעם וואָקאבולאר וועט ווערן אן אקטיווער שפּראך־פארמעגן בײ די קינדער איז אָפּהענגיק פון די ייִדיש־קענטעניש, מיט וועלכע די קינדער זײנען אָנגעקומען אין דער שול, און פון דעם אויף וויפל עס איז קאָנטיק די ווירקונג פון דער ייִדישער שפּראך אין דער הײם און דער סביבה פון די קינדער.

פאר ב און פאר די העכערע קלאסן וועט געגעבן ווערן בלויז דער וואָקאבולאר נאָך טעמעס נאָך און א רײ ארבעטן בשײכות מיטן וואָקאבולאר. קײן ווערטערביכל ווערט דאָ ניט געגעבן, ווײל דאָס איז דאָ ניט אזוי ווינטיק ווי פאר א (וואָס א קלאס העכער, אלץ קלענער איז די זינד פון אן איבעריקן וואָרט)

2) וואָקאבולאר פאר „ב" נאָך טעמעס נאָך

די שול אָנהײב לערניאָר, סוף לערניאָר, געבליבן אויף נאָך א יאָר, אריבערגעזעצט אין א העכערן קלאס, געהיפּט א קלאס, ווידער אָנגעהויבן צו לערנען.

פען, בלײער, טינטער, מעקער, א פענדזל א טעקע, ארײנלײגן דאָס בוך אין טעקע, ארויסנעמען דאָס בוך פון טעקע, אײנוויקלען דאָס העפט, שניצן (אָפּשניצן) א בלײער. א בלײער א גראָבער, שארפער, דינער, קורצער, לאנגער.

צײכנס, גוטע, שלעכטע. קריגן צײכנס, זיך פרײען מיט די צײכנס, גוט, שלעכט, אויסגעצײכנט, נישקשה לײענען קלאָר, הויך, לאנגזאם, גיך. מאכן א טעות, פארריכטן א טעות; א כלל, אויסלערנען א כלל, געדענקען אין פארגעסן א כלל, פארשרײבן דעם כלל אין העפט. שרײבן פאָרזיכטיק, רײן, מיאוס. פריער זיך באטראכטן און נאָך דעם ענטפערן (אָנשרײבן). אָנשרײבן און אויסמעקן. איבערחזרן נאָך א מאָל, א צווײט, א דריט מאָל.

אויפֿפֿירונג, גוטע, שלעכטע. זיך אויפֿפֿירן גוט, שלעכט. זיצן
אומרואיק, טומלען, זיך טשעפּן צו חברים, זיך צוטשעפּען, זיך אָפּטשעפּען.
זײַן ברוגז, זײַן אַן עקשן. זיצן פֿאַרטראַכט, פֿאַרחלומט, זיך צוהערן, ענטפֿערן
אויף אַלע פֿראַגעס, ענטפֿערן קורץ און גוט. גוטע און שלעכטע אָרדענונג,
פֿאַרשפּעטיקן, שטערן, פּלאַפּלען.

דער אופֿן לײענען, זיצן. דער נײער לימוד. געדיבט, משל, דער־
צײלונג, איבערדערצײלונג. לעגענדע, נס, װאונדער. מוזיק, געזאַנג,
געזאַנג־שעה, א גוטע שטים, כאָר. א רעטעניש, טרעפֿן א רעטעניש, אויס־
טראַכטן א רעטעניש. אַן אונט, אײנאָרדענען, דורכפֿירן, זיך באַטײליקן
אין אַן אונט. א פֿאַרשטעלונג, רעפּעטיציע, אַן אינטערעסאַנטע פּראָגראַם.

שכר־לימוד, באַצאָלן, מאָנען, ברענגען, א בריװל װעגן שכר־לימוד,
געבן א קװיט, פֿאַרגעסן צו ברענגען שכר־לימוד.

צײלן. א העלפֿט, א דריטל, א פֿערטל. די אָרדענונגצאָלן. א פּאָר,
א צענדליק, א טוץ. אָנדערהאַלבן, אין צװײען, אין דרײען, אין פֿירן.

**די הײם.** די מאַמע: רײניקט, ראַמט אויף, קערט, װאַשט, נײט, פֿאַר־
ריכט, שטריקט, האָדעװעט, שענקט, באַשטראָפֿט, בײזערט זיך, רופֿט אַרײַן, שיקט
אַרויס, לאָזט ניט. א רחמנות אויף דער מאַמען. קושן, גלעטן די מאַמע.
די מאַמע האָט נחת פֿון מיר, האָבן נחת, נחת פֿון קינדער, נחת פֿון מײַן
לערנען זיך. זײַן גליקלעך, צופֿרידן. א צרה, א פֿרײד, א שמחה, א יום־
טובֿ אין שטובֿ. האָדעװען א קינד, העלפֿן האָדעװען, אויפֿהאָדעװען, א
ברעקעלע, א פּיצעלע. פֿאָלגן, טאָן װאָס מע הײסט, פֿאַרשאַפֿן פֿרײד. זײַן א
שלעכטער, טאָן פֿאַרקערט, זײַן אַן עקשן, װערן ברוגז, װערן אין כּעס. זיך
קריגן, זיך אַרומקריגן, איבערקערן די שטובֿ; מאַכן אָרדענונג.

זײדע, געבױגן, אײַנגעבױגן. אַן אינטערעסאַנטע מעשׂה. װי דער
זײדע הײבט אָן א מעשׂה: אַמאָל האָט זיך געטראָפֿן, אַמאָליקע צײַטן, געװען אַמאָל,
מיט א סך יאָרן צוריק, אײן מאָל האָט זיך געטראָפֿן. זיך צוהערן צו א
מעשׂה, געהערט שוין פֿריער.

קרובֿים, נאָענטע און װײַטע. חתן, כּלה, חתונה, חתונה האָבן, שװעסטער־
קינד, פּלימעניק. אײַנלאַדן צו א שמחה, צו א יום־טובֿ. זיך טרעפֿן מיט
קרובֿים, זיך געזעגענען, קומען צו גאַסט, אויפֿנעמען געסט, זיך צונויפֿ־
קומען, פֿאַרברענגען ביז שפּעט.

װױנען אין א דירה, אַריבערקלײַבן זיך אין א.נײַער דירה. קיך,
װױנצימער, שלאָפֿצימער, עסצימער, װאַשצימער. טרעפּ, טירן, שװעל, דיל,
סופֿיט. א שאַפֿע, מעבל, טעפּעך, פֿאָרהאַנגען, באַפּוצטע װענט; די פֿאַרבן פֿון
פֿאַרשײדענע זאַכן אין שטובֿ.

הונט, בילן, פֿרעסן, פֿײגעלע, שטײג, פֿעדערלעך, פּאָפּוגײַ, א קאַנאַריקל.

**מײַן טאָג.** זיך אויסשלאָפֿן, אויפֿכאַפּן זיך, אַראָפּשפּרינגען פֿון בעט,
זיך באָדן, זיך װאַשן, א װאַנע, א שפּריץ, זײף, צאָנבערשטל, צאָנפּאַסטע,
פּוצן די צײן, אָפּשערן די נעגל, פֿאַרקעמען די האָר, א קעמל. אויערן, האַלדז,
באַקן, שטערן, פּנים, נאָז, מויל. װאַסער, הײס, קאַלט, אָנגיסן װאַסער, דאָס
װאַסער לויפֿט. פֿרישטיק, מיטאָג, אונטערביס. זיך אָפּרוען, זיך אויסשלאָפֿן,
פֿאַרברענגען. פֿרײ און פֿאַרנומען. זיך אָנטאָן, זיך אויסטאָן, זיך איבער־
טאָן. דער טאָג גײט זיך פֿאַרבײ; אומעטיק, פֿרײלעך. אַזוי װי אַלע מאָל,
אַנדערש װי אַלע מאָל. זיצן אין שטובֿ, אין דער הײם.

**געשעענישן.** א נס, א װאונדער, א געשעעניש, װיכטיקע, מאָדנע
געשעעניש. טרער, װײטאָג, כּעס, פֿרײד, שׂמחה. שיר ניט געפֿאַלן, זיך איבער־

געשראָקן, זיך באַרואיקט, זיך דערפרײט, זיך פאַנאַנדערגעװײנט, שיר ניט געװאָרן איבערגעפאַרן, זיך אױסגעלונקען א פּוס א האַנט; זיך אָפּגעבריט א האַנט, זיך צעבלוטיקט. פּלוצלונג, מיט א מאָל, אין מיטן דערינען. גליק, אומגליק. א גנבה, באַגנבעט, גנב.

װאָס איז געשען מיט אים. װער האָט זיך געקענט ריכטן; עס ברענט, רויך, פײער, פײערלעשערס, אױסלעשן.

א געבורטסטאָג, פײערן א געבורטסטאָג. קראַנקײט, װײטאָג, סימנים פון א קראַנקײט, זיך צוקילן, שװיצן, היץ, פאַרשרײבן מעדיצין, נעמען מעדיצין.

זײן אויף א חתונה (יום-טוב, פאָרשטעלונג, פּאַראַד)

חברים און שפּיל. זײן גוט, לעבן בשלום, אַרויסהעלפן, זיך אָננעמען פאַר א חבר, קומען צו הילף, רופן נאָך הילף, פאַרטיידיקן, ראַטעװען, זײן אין געפאַר, ראַטעװען פון א געפאַר, זײן ברוגז, צעקריגט, אָפּטאָן, טאָן דװקא, טאָן שלעכטס, זיך איבערבעטן, מוחל זײן. דערצײלן א סוד, האַלטן א סוד, אױסזאָגן א סוד.

אַרײננעמען אין שפּיל, אין קאָן; אַרױסװאַרפן פון שפּיל. זיך פאַרשפּילן, זיך פאַרגעסן, פאַרשפּעטיקן. לויפן, זיך צעהיצן, זיך צוקילן. אַרומיאָגן, אַרומשטיפן, אַרומלויפן. איבערקערן די שטוב, קערן װעלטן. זיך פאַרמעסטן אין לויפן, זיך הוידען אויף דער הוידע, זיך יאָגן, זיך ראַנגלען, גליטשערס, א קרײזל, אין אַרויספאַר. מאַרקעס, קלײבן, בײטן, קויפן, פאַרקויפן, קלעפּן, זאַמלען. פּלינק, האַסטיק, לאַנגזאַם, פּאַמעלעך.

צײט. די נעמען פון די חדשים. יאָר, חודש, װאָך, שעה, רגע. אײער-נעכטן, איבערמאָרגן. דער זײגער איז.... דער זײגער לויפט, שפּעטיקט זיך, שטײט, קריכט, האָט זיך אָפּגעשטעלט. א גאַנצע, א האַלבע, א פערטל שעה, אַנדערהאַלבן שעה. װאַנטזײגער, װעקזײגער, האַנטזײגערל, טאַשנזײגער. רוקן דעם זײגער פאָרויס, אויף צוריק.

קומען צו דער צײט, פאַר דער צײט, נאָך דער צײט, פאַר א יאָרן, פאַר צװײ יאָרן, מיט א יאָר צוריק, פאַר אכט טאָגן, פאַר צװײ װאָכן, מיט צװײ װאָכן צוריק; פאַר אכט טאָגן זונטיק; איבער א יאָר, איבער אכט טאָג, א שעה אַרום.

די זון גײט אויף, פאַרגײט. עס װערט טאָג (נאַכט). באַגינען, פאַר-נאַכט, אין מיטן נאַכט. דער װעטער, האַרבסטיקער, רעגנדיקער טאָג. עס גיסט א רעגן. טוי, װאָלקן, נעפּל; טריפן, װעלקן, װאַקסן, בליען, שטראַלן, שײנען, לײכטן. עס איז קיל (קאַלט, הײס, װאַרעם). װינט, שטורעם, שנײשטורעם, שטורעמװינט. פול מיט שײן, באַגאָסן מיט שײן, מיט ליכט; זונענשײן, זונענשטראַל. געשײנט, געפאַלן א שנײ, א טיפער שנײ, א שנײ ביז איבער די קני.

װאָכעדיקע, יום-טובדיקע טעג. חנוכה-לאַטקעס, חנוכה-ליכטלעך, הײסע לאַטקעס אויף חנוכה, שפּילן אין דרײדל. פּורים, המן-טאַש, מאָן. סדר, הגדה, מצה, כוס, די פיר קשיות, פרעגן די קשיות, זיצן בײם סדר, זאָגן די הגדה, טרינקען די כוסות. יום-כיפּור.

קלײדונג און עסנװאַרג. אָנגעטאָן, אױסגעפּוצט, נאַקעט, באָרװעס, גאַנצע, צעריסענע, פאַרריכטע, אױסגעװאַשענע, רײנע, שמוציקע קלײדער. הענטשקעס, קאַלאָשן, רעגן-מאַנטל, װינטער-מאַנטל, שניפּס, בלוזקע, װעש, אונטערװעש, אײבערהעמד.

חלה, זעמל, בולקע, בײגל. קאַשע, טײ, קאַװע. פּלוים, באַרנע, אַראַנזש. אײ, זאַלץ, האָניק, לעקעך, טאָרט, טײגל; סאָדע-װאַסער, אײזקרעם. א זופּ, א ביס. פרישטיק, מיטאָג, אָװנטברויט. ס'איז א מאכל, עס האָט א טעם,

א געשמאקער ביסן, אויפעסן א פולע שיטל, אויפעסן ביזן דעק, כסדר עסן, כמעט ניט עסן, פארזוכן דעם טעם, אויסשפייען, זיך פארקרימען. זיין הונגעריק, דאַרשטיק, זאט וואָכעדיקע און יום־טובדיקע מאכלים.

לעפל, עסלעפל, קאַכלעפל, טיילעפעלע; אויוון, פאן, פענדל, טאָפּ, טעפל. א טעפעלע קאַווע, א גלאָז טיי, אָנשטעלן טיי, מאכן קאַווע, אויפקאָכן מילך; דער מיטאָג איז פארטיק, איז צוגעגרייט.

<u>די גאס</u> שכן, שכנטע; נאָנטער, נאָנטסטער שכן. דאָ גלייך איבער דער גאס, אקעגן איבער, א פאָר הייזער ווייטער, אריבערלויפן די גאס, דורכלויפן די גאס, באגעגענען אין גאס, באגריסן.

קראָם, מילכקראָם, שפייזקראָם, פרוכטקראָם, אַפּטייקקראָם, דעליקאטעסן־קראָם, בעקעריי.

<u>ארבעט</u>. אקערן, זייען, קערן, רייניקן, פוצן שיטן, קנעטן, הובלען, פאַרריכטן, נייען, טראָגן, שמידן, האקן, וואַשן, לערנען, היילן. שמיד, שוסטער, סטאָליער, פישער, פאַרקויפער, שלאָסער.

זוכן, באַקומען, געפינען ארבעט. פאַרריכטן, פאַרענדיקן די ארבעט. אפזאָגן פון ארבעט. ארבעטן שווער, גרינג, לייכט, ביטער, ביז אין דער נאכט אריין, אן אויפהער, כסדר, אָן אפרו, מיט א קורצן אָפּרו. ארבעטן פאר הונגערלוין. שוויצן, זיין מיד, זיין פארמאטערט. לוין, הונגערלוין, פאַרדינער, ארבעטס־קליידער. געציג, סטרייקן, פאראייניקן זיך.

מארשירן, לאָזונגען, פאָנען, א דעמאָנסטראַציע.

<u>מלחמה</u>. פיינד, שונא, פיינטשאפט, האס, שינאה, מלחמה: זיגן אין א מלחמה, פירן, דערקלערן מלחמה, די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, אוועק אויף מלחמה, געקומען פון מלחמה, אומקומען אויף דער מלחמה. דערהרגענען, טייטן, פאַרברענען, שיסן, אויסשיסן, פאַרוויסטן, פאַרוואונדן. א קאַליקע, א יתום. שלום. א שלום־פּמאַך, שליסן שלום.

<u>יידן</u> ארויסטרייבן, אנטלויפן, שינאה, האס, אן אנטלאָפענער, ליידן. פילן, מיטפילן, רחמנות האָבן, העלפן, מיטהעלפן, פאָלק, יושר, גלייך זיין, זוכן יושר, גלייכע רעכט, גלייכהייט.

<u>צווישן מענטשן</u>. ערלעכקייט, פאַלשקייט, יושר, אמת, רחמנות, ערלעך, פאַלש, יושרדיק, אמתער. פילן, מיטפילן, מיטהעלפן, רחמנות האָבן, ארויס־העלפן אין נויט, טאָן א טובה, אָפּטאָן.

עצה ־ א גוטע, א שלעכטע, א קלוגע, א ריכטיקע, א פאַלשע, א נארישע. געבן אן עצה, פרעגן אן עצה, אויסהערן אן עצה, פאָלגן אן עצה. טענה: א גערעכטע, א פאַלשע, האָבן א טענה, זיך אויסטענהן.

דער שלעכטער מענטש: גנב, גנבה, גנבענען; גזלן, באגזלען

האנדלען, סוחר, סחורה, אָנגעשטעלט, אָנגעשטעלטער, פון וואָס לעבט ער? ווי גייט עס אים? עס גייט אים גוט (שלעכט, גאָרניט)

יושר, גערעכטיקייט, זוכן יושר, גלייכהייט.

<u>וועגן זיך</u> די טיילן פון קערפער: קאָפּ, קערפער, גלידער, הענט, אָרעם, פיס, שטערן, אויגן, נאָז, אויערן, מויל, ציין, האלדז, באקן, קני, פינגער, ברוסט, בויך, רוקן, הארץ, ביינער, הויט.

פאַרטראַכט, פאַרחלומט, איינגעשפאַרט, דערשראָקן, פאַרשלאָפן, צעטראָגן,

לוסטיק, לעבעדיק, פריילעך, אומעטיק, פארוויינט.

איך פיל זיך גוט, שלעכט; עס איז מיר גוט, שלעכט. איך האָב הנאה, פרייד, נחת, פארגעניגן, מורא. ס'איז א צרה, א שמחה, א פרייד, א וויטאָג, איך בין מוחל. א חלום: מיר האָט זיך געחלומט. איך האָב געהאַט א חלום, געזען אין חלום, א בייזער חלום. הערן, זען, פילן, שמעקן, טאפן. קול, שטים, טעם.

וועלט הימל, זון, שטערן, לבנה, וואָלקן, ים, טייך. חיה, ווילדע חיה, באשעפעניש, חזיר, אָדלער, טויב, פליגל, שנאָבל, גאָנדז, קאטשקע, בין, פליג, ווארעם, שלאַנג; פעלד, גאָרטן, לאָנקע, מאָד. עפלבוים, באַרנבוים, קארשנבוים, פלוימענבוים, קאָרן, ווייץ, זאנג, ביט. גרינס. פרוכט.

בריוו באקומען, קריגן א בריוו. אָנשרייבן, אוועקשיקן א בריוו. ענטפערן אויף א בריוו; דורכלייענען, צערייסן א בריוו. אריינלייגן אין קאָנווערט, פארקלעפן, אריינווארפן אין פאסטקעסטל, אָנשרייבן דעם אדרעס. צונויפלייגן. ווארטן אויף אן ענטפער. שיקן דורך פאָסט.

3) ארבעטן בשייכות מיטן וואָקאבולאר

האָמאָנימען. אין קלאס ב קען מען שוין סיסטעמאטיש ארבעטן איבער האָמאָנימען. די האָמאָנימען פאַר ב לוינט זיך איינצוטיילן אין צוויי גרופעס:

א) עכטע האָמאָנימען: זון, שטערן, שטיין, לעבן, ארעם, בין, העלפט, פיר, פעטער.

ב) האָמאָנימען וואָס באקומען זיך, ווען עס פאלט צונויף מערצאָל פון סובסטאנטיוו מיט א ווערבאלער פארם: נעמען, ארבעטן, באקן, זעגן, בעטן, שמידן, זיגן.

---

סינאָנימען. אָנהייבנדיקן פון קלאס ב פארנעמט א וויכטיקן ארט אין דעם באַרייכערן דעם ווערטער־אוצר די ארבעט איבער סינאָנימען. מיט יעדער קלאס העכער ווערט אָט די ארבעט אלץ חשובער.

אין קלאס ב קענען זיין אזעלכע גרופעס סינאָנימען:

א) ביים לייענען א טעקסט, פארטייטשנדיק די ווערטער, אָנווייזן „ווי אזוי מע קען עס זאָגן אנדערש".

ב) אדיעקטיווישע סינאָנימען: ווארעם - הייס; קיל - קאלט; פריילעך - לוסטיק; אומעטיק - טרויעריק; שלעכט - בייז; ליב - טייער; האסטיק - פלינק; לאנגזאם - פאמעלעך; פארחלומט - פארטראכט.

ג) סובסטאנטיווישע סינאָנימען: שמחה - פרייד; וואוינונג - דירה; הנאה - פארגעניגן; חכם - א קלוגער; שנאה - פיינטשאפט; צרה - אומגליק; קול - שטים; נאר - שוטה; מורא - שרעק.

ד) סינאָנימען וואָס זיינען פשוטע אָדער צונויפגעזעצטע ווערבן: האָבן - פארמאָגן; קריגן - באקומען; הרגענען - שלאָגן; ריניקן - פוצן; ראטעווען - העלפן; זיך שרעקן - מורא האָבן, מיטפילן - רחמנות האָבן;

עס קענען זיין אזעלכע ארבעטן איבער סינאָנימען:

א) דער לערער גיט פארטיקערהייט דאָס פאָרל סינאָנימען און די קינדער דארפן צוקלערן זאָצן פאר יעדער וואָרט:

ב) דער לערער גיט איין וואָרט און די קינדער דארפן געפינען א פאָרל צו אים;

ג ) די קינדער געפינען אויס סינאָנימען אין א געגעבענעם טעקסט;

ד ) געפינען סינאָנימען - אדיעקטיוון צו א געגעבענעם סובסטאנטיוו:
מאמע - גוטע, ליבע; שפיל - פריילעך, לוסטיק; ווינט- קיל, קאלט.

ה) געפינען סינאָנימען - ווערבן צו א געגעבענעם סובסטאנטיוו:
חבר - העלפט, ראטעוועט; שטיפער - לויפט, יאָגט זיך; די מאמע - פוצט, ריי ניקט.

ו) פון א ריי אויסמעקן דאס ווארט וואס פאסט זיך ניט אריין צווישן די סינאָנימען, למשל: היים, ווארעם, טייער; גיך, האסטיק, קלוג, פלינק; פרייד, חלום, הנאה, פארגעניגן. צרה, אומגליק, חכם, וויטאג, טרויער.

--------

אנטאָנימען לאָזן זיך באקוועם איינטיילן אין גרופעס על פי די ווארט-קלאסן:

א) אדיעקטיווישע אנטאָנימען, אזוי ווי אין א, אָבער ביסלעכווייז אריבערגיין צו שווערערע: ליכטיק - פינצטער, שיין - מיאוס, גליקלעך - אומגליקלעך, באקאנט - אומבאקאנט; צופרידן - אומצופרידן; שולדיק - אומשולדיק; ארעם - רייך; הארט - ווייך; וויט - נאָנט; גראָד - קרום; פול - ליידיק; ברייט - שמאָל; זאט - הונגעריק; רואיק - אומרואיק; פויל - פלייסיק; אלט - ניי און יונג; דין - דיק און דין - גראָב; פריילעך - אומעטיק און פריילעך - טרויעריק; הויך - שטיל און הויך - נידעריק; מאָגער - דיק און מאָגער - פעט; שווער - לייכט און שווער - גרינג און אנדערע.

ב) סובסטאנטיווישע אנטאָנימען ( ביי דער גרופע דארף מען זיין זייער פאָרזיכטיק, וויל ביי סובסטאנטיוון איז גרינג אריינצופאלן און אָנצונעמען פאר אנטאָנימען אזוינס וואס עס איז ניט קעגנזעצלעך);

מלחמה - שלום, טרויער - פרייד, גוטסקייט - ביזקייט; גליק - אומגליק; ערלעכקייט - פאלשקייט; אמת - ליגן; חכם - נאר; אָנהייב - סוף און אָנהייב - ענד; רייכקייט - אָרעמקייט און אנדערע.

ג) ווערבאלע און אנדערע אנטאָנימישע אויסדרוקן: פארלירן - געווינען; ריידן - שווייגן; פאלגן - טאָן פארקערט; ווערן ברוגז - זיך איבערבעטן; זיך קריגן - לעבן בשלום; אהער - אהין; קליינערהייט - גרויסערהייט; אין דער יוגנט - אויף דער עלטער.

אין ב קענען זיין אזעלכע ארבעטן איבער אנטאָנימען:

א) געפינען דעם קעגנזאץ, למשל: שפעטער ______; גיך ______;

ב) געפינען דעם קעגנזאץ זאצווייז: האָניק איז זיס, ____ __ ____; דער זיידע איז אן אלטער, ____ ____ ____;

ג) צו א געגעבענעם סובסטאנטיוו צוטראכטן צוויי קעגנזעצלעכע אייגנשאפטן, למשל: א העפט קען זיין _ ריין אָדער שמוציק; א צימער קען זיין _ ליכטיק אָדער פינצטער.

ד) צוטראכטן זאצן אָדער אויך קורצע מעשהלעך וואו אלץ דארף זיין פארקערט, למשל: בערעלע איז פלייסיק, ער קומט אין שול צו דער צייט: זיינע ביכער און זיינע העפטן זיינען ריין, ער קריגט גוטע ציכנס, אָבער מאָטעלע ____ ____ ______.

----------

פון געביט פון פאראנימען זיך אפשטעלן אויף יענע וואס רופן ארויס שוועריקײטן בײם לײענען אדער שרײבן. עס קען געשען, אז עס זאל ניט זײן פעסט דער אונטערשײד צווישן : ווײן און ווײַן, נײן און נײַן און ענלעכע. מסתמא קומט אויס אונטערצושטרײכן דעם אונטערשײד צווישן : ברויט און ברײט, נויט און נײט און ענלעכע. הכלל דאס יא אדער דאס ניט פארנעמען זיך מיט פאראנימען איז אפהענגיק פון די גרײזן וואס קינדער מאכן בײם לײענען און שרײבן.

---------

אידיאמאטישע אויסדרוקן ווערן געלערנט צוזאמען מיטן טעקסט וואס מע לײענט און מען באארבעט. אבער געוויסע אויסדרוקן קען מען ארײנברענגען בײם שמועס, בפרט יענע אויסדרוקן וואס זײנען מסוגל צו פארינטערעסירן. חוץ דעם ווען עס טרעפן זיך די שטענדיקע פארגלײכן אדער די שטענדיקע פארלעך, קען מען צוגעבן נײע צו זײ. דעריבער קענען זײן דרײ גרופעס אידיאמאטישע אויסדרוקן מיט וועלכע מע זאל זיך פארנעמען אין ב.

א) פארגלײכן: ווײס ווי שנײ, שווארץ ווי קויל, שווארץ ווי די נאכט; גוט ווי די וועלט, זיס ווי האניק, שײן ווי די וועלט, ביטער ווי כרײן, שטארק ווי א לײב, קלוג ווי די וועלט, גרין ווי גראז, רויט ווי א בוריק, גרויס ווי אן ארבעס, שווימען ווי א פיש אין וואסער, קריכן ווי א ווארעם, ברענען ווי א ליכט, ליגן ווי א שטײן, ציטערן ווי א בלאט.

ב) פארלעך: קלײן און גרויס, לוסטיק -לעבעדיק; ניט טויט - ניט לעבעדיק; ניט מילכיק און ניט פלײשיק; קלאגט און װײנט, הויט און בײן, ארײן און ארויס, ארויף און אראפ, ברויט און פוטער, פיש און פלײש, רעגן און שנײ; גרין און געל, ברוין און בלוי, זיס און זויער; עסן און טרינקען, זיך רײסן און בײסן; לויפן און פליען.

ג) סתם אידיאמאטישע אויסדרוקן, אן ערך: וועלן דאס טעלערל פון הימל, קען קײן אויג ניט צומאכן, הערן מיט אפענע מײלער, לויפן אן אן אטעם, כאפן פליגן, טויג אויפן פײער; אין אײן אויער ארײן און פון אנדערן ארויס; פליען פײל פון בויגן, שטעלן פיס, האבן א גרויס מויל, פאלט מיט דער פוטער אראפ און אנדערע אויף וויפל זײ קומען צו רײד און זײ פאסן זיך פארן קלאס.

ד) גראמאטישע און אנדערע שפראכלעכע געניטונגען פאר „ב"

פארבאמערקונג: דא ווערט געגעבן זײער א גענויע רשימה פאסיקע געניטונגען פאר ב. איבער דער גענויקײט פון דער רשימה זאל זיך אבער ניט שאפן דער אײנדרוק, אז דא איז פאראן צו פיל ארבעטן. פארקערט, די גענויקײט האט דעם ציל אויסצושליסן אלע אנדערע ארבעטן, וואס זײנען צו שווער און ניט פאסיק פאר ב.

1) פון ווערב:

a) בײגן ווערבן אין דער איצטיקער צײט (בלויז ווערבן פון דער ערשטער קאניוגאציע, ד"ה אן אן ע פאר די פערזאן-ענדונגען, למשל: איך גײ אאז"וו;

b) די איצטיקע צײט פון ווערבן מיט ווערבאלע צוגאבן, למשל: איך גײ ארויס אאז"וו.

c) די איצטיקע צײט פון ווערבן מיט זיך, למשל: איך וואש זיך;

d) די איצטיקע צײט פון ווערבן מיט א ווערבאלן צוגאב און מיט זיך, למשל: איך טו זיך אן.

e) די קומעדיקע צײט פון אלע פשוטע װערבן און ספּעציעל לערנען אױסצומײדן דעם פּלאָנטער צװישן װעל און װיל, למשל: איך װיל אַרױסגײן, איך װעל זיך אָנטאָן.

f) דער באַפעל־אופן פון אלע פשוטע װערבן, אָבער בלױז די צװײטע פּערזאָן, למשל: גײ ‑ גײט, גײ אַרױס ‑ גײט ‑ אַרױס, טו זיך אָן ‑ טוט זיך אָן.

g) די פאָרם מיט לאָמיר, למשל: לאָמיר אַרױסגײן, לאָמיר זיך אָנ־טאָן.

h) פאַרפעסטיקן די בײגונג פון איך װעל, איך װיל, איך האָב, איך בין.

i) די פאַרגאַנגענע צײט מיט האָבן;

j) די פאַרגאַנגענע צײט מיט זײַן פון די װערבן: איך בין געװען, איך בין געגאַנגען, איך בין געװאָרן, איך בין געשטאַנען, איך בין געלעגן, איך בין געזעסן, איך בין געלאָפן, איך בין געקומען (עס װערט גערעקאָמענדירט ניט צוצוגעבן צו דער רשימה נאָך װערבן און לאָזן די איבעריקע פאַר ג)

k) אױסלערנען אירצן, ד"ה באַנוצן איר בײַם װענדן זיך צו אײן פּערזאָן.

2) פון סובסטאַנטיװן:

a) מערצאָל (בלױז פון יענע װערטער װאָס חזרן זיך אָפט איבער אין טעקסטבוך און גײען בכלל אַרײַן אין דעם װאָקאַבולאַר פאַר ב):

אױף ־ן; אױף ־ען, אױף ־ט (נאָך ע) אױף ־ער, אָן אַן ענדונג, אױף ־ס (נאָך א קאָנסאָנאַנט).

b) גראַמאַטישער מין על פּי דעם געשלעכט. (דער פאָטער ‑ די מוטער, דער מאַן ‑ די װײַב, דער ײנגל ‑ די מײדל)

c) גראַמאַטישער מין פון אלע בפירושע פאַרקלענער־װערטער: דאָס קעצל, דאָס הינטל, דאָס ברידערל, דאָס שװעסטערל, דאָס קעצעלע אאז"װ.

d) גראַמאַטישער מין אלע װערטער װאָס צום סוף הערט מען אַן ע, למשל: די פראַגע, די קאַשע, די חלה.

e) פאַרקלענער־פאָרמען מיט אַן איבערקלאַנג, למשל: קעצל, קעפּל, מײַזל, שיכל.

f) אײן פאַרקלענער־פאָרם, נימ צװײ פון אזעלכע װערטער װי: שװעסטערל, פינגערל און ענלעכע.

g) לײגן אכט אױף די װערטער דער טאַטע, דער זײדע.

3) פון אַדיעקטיװן:

a) לערנען דעם אונטערשײד צװישן נאָמינאַטיװ מענלעך און װײַבלעך (בלױז נאָמינאַטיװ, בלױז די בײדע מינים): דער גוטער חבר, די גוטע חברטע, דער ליבער זײדע, די ליבע באָבע (זײער א סך געניטונגען מאַכן פאַר אָט דעם װיכטיקן פונקט)

b) קאָמפּאַראַטיװ, אָן אײן מיט אַן איבערקלאַנג: גיך־גיכער, קלוג־קליגער; קאָמפּאַראַטיװ מיט באַזונדערקײטן: בעסער, ערגער, העכער, גרעסער,

קלענער, שענער.

4) פון פארבינדווערטער:

a) אין און צו, למשל: איך קום אין שול, איך קום צו דער חברטע;

b) אויף, ווארטן אויף דיר;

c) מיט, ביי געצייג: זעגן מיט א זעג, שרייבן מיט א בלייער.

d) געניטונגען פארן ריכטיקן נוצן: אז, וויל, דערפאר, אויב, אזוי, איידער, בעת, ווען, כדי, חוץ.

5) פון ווערטער-סדר:

a) צונויפשטעלן זאצן פון צעוואָרפענע ווערטער;

b) דער אָרט פון דער פּרעפּאָזיציע: וועגן וואָס רעדסטו? מיט וועמען גייסטו?

c) אָרט פון ווערב אין אזעלכע זאצן ווי: מאָרגן וועל איך קומען צו דיר, היינט אַרבעט איך צוויי שעה.

6) פון וואָרטבאטייט:

a) אונטערשיידן זיין און ווערן: איך בין קראנק, איך ווער קראנק; עס איז מיר קאלט, עס ווערט מיר קאלט.

b) אונטערשיידן גיין און פאָרן: היינט פאָר איך קיין פילאדעלפיע;

c) אונטערשיידן שטיין און בלייבן: איך וועל בלייבן ביי מיין חבר.

d) אונטערשיידן זוכן און קוקן: איך זוך מיין בוך.

e) אונטערשיידן בעטן און פרעגן: איך בעט געלט.

f) אויסלערנען דעם באדייט פון געפעלן, ליב האָבן (אנשטאָט „גלייבן”)

g) געניטונגען זיך אויסצולערנען נוצן דאָס וואָרט אופן, אויף אזא אופן, וואָסער אופן, למשל: וואָסער אופן איז דער בעסטער? דו זאָלסט עס מאכן אויף אזא אופן.

h) געניטונגען צו נוצן די ווערטער: מילא, סתם, מסתמא, טאקע, אוודאי, אפשר.

7) פון וואָרטשאפטונג:

a) פשוטע געניטונגען צוזושטעלן די ווערבאלע צוגאבן צו די ווערבן: אויפ-, ארויפ-, אראָפּ-, ארויס-, ארונטער-, אריינ-, ארומ-, אויס-, (למשל: אויפשטיין, ארויפגיין, אראָפּגיין, ארויסנעמען, ארונטערפאלן, אריינקומען, ארומלויפן, אויסגיין)

b) פשוטע געניטונגען צוזושטעלן די פּרעפיקסן פאר-און צע- צו ווערבן, למשל: שרייבן - פארשרייבן, זיך קעמען - זיך פארקעמען; זינגען - צעזינגען זיך; עפענען - צעעפענען. ביים צע- לייגן אכט אויפן „זיך וואָס קומט אָפט צו).

c) געניטונגען צוזושטעלן איבער און אונטער צו סובסטאנטיוון:

ווערטער אונטערטעש, העמד - איבערהעמד.

d) גענ־טונגען צו שאפן א פארשטעלונג ווי עס וואקסן צו פארטראפן און נאכטראפן, למשל: ווײס - ווײסן - אויסווייטן - אויסגעווייטע; גײ - גײן - צוגײן - צוגעגאנגענער.

e) גענ־טונגען צו שאפן ווערטער־משפחות, למשל: פארן, צופארן, מיטפארן, דורכפארן, אויספארן, אראפפארן, ארײנפארן און ווײטער; שרײבן, אפשרײבן, אראפשרײבן, ארײנשרײבן, פארשרײבן, שרײבער און ווײטער.

f) גענ־טונגען צונויפצוהעפטן ווערטער (כדי מע זאל זײן געווארנט און נישט געבן קײן צו שווערע, קומען דא א רײ בײשפּילן): עפּלבוים, פלוימענבוים, קארשנבוים, האנטוזשגער, וואנטזײגער, טאשנזײגער; עסצימער, שלאפצימער, וואוינצימער; צאנבערשטל, צאנפּולווער, צאנפּאסטע; שרײבטיש, שרײבמאשין; עסלעפל, קאכלעפל, טײלעפל. אויך פון דעם מין: דער וואס האקט האלץ - האלצהעקער, אזוי אויך קוימענקערער, בריווטרעגער, פײערלעשער.

8) פון שפראך־רײניקונג

חוץ די וואס זײנען שוין געווארן אנגעמערקט אין די פריערדיקע פונקטן:

a) אויסמײדן „ביסט ריכטיק", ווען עס דארף זײן ביסט גערעכט;

b) נאך פארן אויסמײדן „בײ", ווען עס דארף זײן מיט: פארן מיטן באן, מיטן שיף.

c) אויסמײדן „איך בין קאלט" און ענלעכע, ווען עס דארף זײן מיר איז קאלט און ענלעכע.

9) אויסלײג-פּראגראם פאר „ב".

1) זיך צוגעוואוינען צו די קאמבינאציעס פון די אותיות:

a) זש: אזש, זשוזשען, זשע, זשאבע.

b) טש: זיך גליטשן, גליטשערס, קאטשקעס, טשעפען זיך.

c) נדז: אונדז, גאנדז, האלדז.

d) ײ: ײד, ײדיש, ײנגל, ײנגער.

2) זיך צוגעוואוינען צו אותיות וואס טרעפן זיך נאר אין ווערטער וואס שטאמען פון העברעאיש:

a) אות ב: חבר, חברטע, גנב, גנבענען, קרזב, טובה, לבנה.

b) אות ח: חבר, חברטע, חודש, חוץ, חזיר, חזרן, חיה, חבר, חלה, חלום, חנוכה, חתן; סוחר, מלחמה, מוחל; פסח, כוח.

c) אות כ: (פארן קלאנג „ק"): כעס, כלה, כלל, כמעט, כסדר, כוח, כוס, כדי.

d) אות ש: (פארן קלאנג „ס") שונא, שינאה, שכל, שמחה, שכר־לימוד.

e) אות ת (פארן קלאנג „ט"): סתם, מסתמא, מתנה.

f) אות ת (פארן קלאנג „ס"): אמת, שבת, נחת, רחמנות, יתום, בעת,

אלף־בית.

3) בײם געניטן זיך אין בײגונגען פון װערבן:

a) די ענדונג ־סטו: גײסטו, טראגסטו.

b) ד ז ט: ער רעדט, איר רעדט, רעדט.

c) די פארבינדונגען ב + ט, ג + ט, און ז + ט, װען זײ קלינגען װי פּט, קט, סט: לעבט, זאגט, װײזט.

d) די שטענדיקע ענדונג פון דער צװײטער פּערזאָן ־סט: רעדסט, זיצסט, קױפסט.

4) בײם לערנען פארקלענער־פאָרמען און מערצאָל־פאָרמען לײגן אכט אויפן איבערקלאנג ױ־ײ: בױם - בײמל - בײמער; פױגל - פײגעלע; אױג - אײגעלע.

5) בײם מאכן געניטונגען מיט װערבאלע צוגאבן און פּרעפיקסן, בײם געניטן זיך מיט פארשײדענע פארבינד־װערטער לײגן אכט אויף זײער אויסלײג (זען פונקט ד).

6) פארטראַפן און נאָכטראַפן טײלט מען ניט אָפּ: חברטע, גענגבעט, פארחלומט.

7) בײם לערנען אויסלײגן די װערטער װאָס שטאַמען פון העברעאיש, אנװײזן אויף:

a) די װערטער װאו מע לאָזט דורך די װאקאלן און אל דאָס איבעריקע איז װי געװײנלעך: א סך, ים, נס, סדר, שכן, משל, למשל, גזלן.

b) די װערטער, װאו מע הערט צום סוף דעם קלאנג „ע" און מע שרײבט א ה: שורה, מצה, חלה, צרה, הגדה, נישקשה; מלחמה, טובה, מתנה, שמחה, לבנה.

c) די װערטער מיט א באַטאָנטן י = קלאנג (לימוד, סימן, אפילו, דירה, מיאוס), באַטאָנטן ו־קלאנג (שורה, חוץ), באַטאָנטן ױ־קלאנג (ברוגז, סוחר, טובה, יושר, חודש, שונא, אופן)

d) די װערטער װאָס האָבן שותפותדיקע אויסלײג־אײגנשאפטן:

מורא, מילא, דװקא;
סוד, קול, סוף, כוס, אות;
עצה, עקשן, עדות;
טעות, טעם, טענה, בעת, כעס;
רגע, משוגע, רשע;
יום־טוב, יום־כיפור.

8) אויסלערנען די קירצונגען: מ' = מע, מען: כ' = איך, ל' = װעל.

9) די נעמען פון די אותיות!

## פּראָגראַם פֿאַר „ג"

### א) אַלגעמיינע יסודות

#### 1) די צילן

מיט דעם קלאַס ג הייבט זיך דער צווייטער שטאַפּל אין דער דערציאונג פֿון אונדזערע קינדער. דאָ קען מען שוין קלאָרער האָבן אין זינען אויך די אומדירעקטע, די אַבסטראַקטע און אַלגעמיינע צילן פֿון דעם יידיש־לימוד, ווי דאָס איז געווען פֿאָרמולירט אין דעם אַלגעמיינעם אַריינפֿיר צו דער פּראָגראַם.

וואָס שייך דעם סכום שפּראַך־קענטענישן ביים פֿאַרענדיקן ג און אַריבערגיין אין ד, דאַרף מען זיי זיך פֿאָרשטעלן אַזוי:

א) רײדן יידיש ביז אַזאַ מדרגה, דער תּלמיד זאָל קענען איבערדערציילן דאָס געלייענטע אָדער געהערטע אָדער אַליין דערציילן וועגן ענינים, וואָס מע האָט וועגן זיי געלערנט אָדער געהערט ריידן אויף יידיש, אין אַ געבונדענער פֿאָרם, אין זיבן־אַכט־ניין־צען זאַצן מיט 70־80 ווערטער אין זיי.

ב) פֿאַרשטיין יידיש: חוטש זיין גענוי, פּינקטלעך דעם אינהאַלט פֿון געלייענטן אָדער געהערטן אין ראַמען פֿון אַ וואָקאַבולאַר מינימום צווישן 2,700 ביז 3,000 ווערטער.

ג) לייענען יידיש גענוג געלויפֿיק און פֿריי אין די גרענעצן פֿון פּונקט ב). זיין ביכולת זיך פֿונאַנדערצוקלייבן אין שווערערע טעקסטן, אויב זיי פֿאַרירן ענינים וואָס מע האָט וועגן זיי געלערנט.

ד) שרייבן יידיש אין ראַמען אַ ביסל גרעסערע ווי די וואָס זיינען אָנגעמערקט פֿאַרן ריידן. אַ קאָמפּאָזיציע סוף ג דאַרף שוין אַנטהאַלטן צווישן 70 און 100 ווערטער. דער אויסלייג דאַרף זיין פֿריי פֿון גאָר גראָבע גרייזן אויף יענע געביטן וואָס זיינען געוואָרן דורכגענומען אין ג און אין די פֿריערדיקע קלאַסן. זען די וויכטיקע פּונקטן וועגן פּראָגראַם פֿאַר גראַמאַטיק און אויסלייג כּדי צו האָבן אַ פֿאָרשטעלונג וועגן די פּרטים.

#### 2) די מיטלען דערצו

ערשט ווען מע וועט דעם לימוד פֿון יידיש און די יינגערע צוויי קלאַסן באמת אָביעקטיווע רעאַליסטיש, צוגעפּאַסט צו די קענטענישן פֿון די קינדער, און מיט דער געהעריקער דורכגעטראַכטער בהדרגהדיקייט, וועט יעמאָלט ווערן מעגלעך אין אַלע פּרטים אויסצואַרבעטן די פּראָגראַם פֿאַר ווייטער. דערווייל וועט מוזן די פּראָגראַם פֿאַר ג (און אויך פֿאַר ד־ה) טראָגן אַ שטעמפּל פֿון צווייאיקייט: פֿון איין זייט, קומט אויס צו רעכענען זיך מיט פֿריערדיקן איינשטעל, מיט דער פּראָגראַם פֿאַר ליטעראַטור, ווי זי איז פֿאַראַן מער־ווייניק זינט 1931, און מיטן טעקסטבוך פֿאַר ג ־ „אונדזער וואָרט"; פֿון דער צווייטער זייט, מיט די באַשיידענערע צילן ווי דאָס ווערט פֿאָרמולירט אויבן. כּל זמן מיר וועלן ניט געבן אונדזערע קינדער אין עלעמענטאַר־שול פֿאַראיינפֿאַכטע, פֿאַר זיי ספּעציעל רעדאַגירטע טעקסטן פֿון אונדזער ליטעראַטור, וועט אוממעגלעך בלייבן אַ סתירה צווישן די מיטלען און די צילן. דערווייל מוז זיך באַקומען ממש אַ תּהום צווישן דעם פֿאָדערן אַ גוואַלדיק רייכן פּאַסיוון וואָקאַבולאַר (ביים לייענען למשל שלום־עליכמס און פּרצעס דערציילונגען) און די דערגרייכונגען אין ריידן און שרייבן וואָס מע קען זיך דערשלאָגן צו זיי. דעריבער ניטיקט זיך דער פּראָיעקט פֿון פּראָגראַם פֿאַר ג און ווייטער אין אַן אַלגעמיינער התנצלות: עס איז ניטאָ קיין פֿולקומע מיטשטימונג צווישן דער פּראָגראַם פֿאַר ליטעראַטור און די אַנדערע טיילן פֿון פּראָגראַם, הגם אויך די אַנדערע טיילן האָבן געמוזט געבויט ווערן אויף דער פּראָגראַם פֿאַר ליטעראַטור.

כדי צו לערנען ריידן יידיש, מוז מען אויך אין ג ליגן פיל אכט אויפן ריידן פון די קינדער. די קאלעקטיווע קאמפאזיציע קומט דא פאר זעלטענער. אבער דערפאר זיינען די פאדערונגען צו דער אינדיווידועלער קאמפאזיציע גרעסערע. די קינדער דארפן האבן וואס אפטער די געלעגנהייט פארצופרעגנגען מינדלעכע קאמפאזיציעס, וואס זיי גרייטן זיי צו. ווים מער מע וועט שרייבן קאמפאזיציעס, אלץ אויף בעסערע רעזולטאטן מעג מען זיך ריכטן.

במשך פון יאר דארף מען לייענען מינימום א 75,000 ווערטער (אריינגערעכנט ספעציעלע ביכלעך אדער העפטן מיט ארבעטן אויף שטילן לייענען). לערנען אויף אויסווייניק 10-12 לידער, אנשרייבן במעט יעדער וואך א טריפטלעכע קאמפאזיציע און דורכפירן א גרויסע צאל שפראכלעכע געניטונגען.

ב) פראגראם פאר ליטעראטור אין „ג"

פארן קלאס ג דארף מען פארלייענען גאנצע ווערק. די פאטיקסטע דערצו זיינען: 1) שלום-עליכם, „מאטל פייסי דעם חזנס"; 2) יעקב דינענזאן „יאסעלע".

דער וויטערדיקער מאטעריאל וואס ווערט אנגעוויזן איז במעט אין גאנצן גענומען פון דעם טעקסטבוך „אונדזער ווארט" פון ז.יעפרויקין, און ח.בעז. מיר גיבן דעם מאטעריאל על פי בריט פארמולירטע טעמעס:

1) ארבעט

„ווען דער פאפא סטרייקט" - ז.ליבין
ז.ליבין, „פארלארן דעם באלעבאס"
שלום-עליכם, „אין שאפ" (פון „מאטל פייסי דעם חזנס")
„מיר סטרייקן" (" " " ")
י.ל.פרץ, „אין ערגעץ-לאנד"
ש.סיימאן „באדי"
מאני לייב „די נויט"
מאריס ראזענפעלד „מיין יינגעלע"
מ.ווינטשעווסקי, „אין רעגן און אין קעלט"
ה.לייוויק, „ארבעט זוכן"
אברהם רייזען, „א ניו-יארקער בילד"
מאני לייב „א יינגל"

2) אומגלייכקייט (ארעם און רייך, שווארץ און ווייס):

ל.קאברין „אן אומזיסטער חשד"
י.קרעפליאק, „שווארץ און ווייס"
י.לאזארסאן, „נישט זיכער מיטן לעבן"
ז.וויינפער, „די מעשה פונעם נעגערל און שלעגערל"

3) מלחמה:

אברהם רייזען, „מלחמה"
יעקב אדלער „מיר וועלן קיין קארן"...
י.פרידמאן „איך געזעגן זיך מיט דער מאמען"
י.פרידמאן, „א ציג מעקעט"

4) קאמף

אברהם רייזען „דאס נייע ליד"
יאן קארטשאק „דער ערשטער מאי"
ש.אנסקי „די שבועה"
דוד קאפעל „מאירקע פון קליינעם בונד"

יעקב פאט „געבראכט די פאן"
נפתלי גראס וועגן יודזשין וויקטאר דעבס: „דזשין גיט ארבעטן",
„דעבס פירט די באן-ארבעטער אין סטרייק", „דעבס און די וועלט-מלחמה".

מעדעמס ביאגראפיע.
דערציילן וועגן הירש לעקערטן.

5) דאס יידישע לעבן

אויסנוצן „יאסעלע" און „מאטל דעם חזנס".
שלום-עליכם „דאס מעסערל"
אברהם רייזען „ווען עסט די מאמע".
מ.ספעקטאר „דאס וועלדל",
ז.ליבין „מיין קינדהייט"

פון שלום-עליכמס יום-טוב מעשיות: „די פאן", „חנוכה-געלט", פורעם צו דער סעודה", „א פארשטערטער פסח", אליהו הנביא".

6) מעשיות און לעגענדעס:

י.ל.פרץ: „דער ארענדאר"
" " " „די דין-תורה מיטן ווינט"
" " " „דער קונצן-מאכער"
" " " „זיבן גוטע יאר"
דוד איינהארן: „א מאמעס טרערן"
יהואש: „דער צויבערמאן"
מאני לייב: „ דער פרעמדער"

7) יידישע שרייבער

א) שלום-עליכם: זיין ביאגראפיע, פארלייענען אויסצוגן „פונעם יאריד", זיך דערמאנענען וועגן אלע שלום-עליכמס מעשיות וואס די קינדער האבן שוין גע-לייענט אדער געהערט פארלייענען, פרואוון כאראקטעריזירן שלום-עליכמען דעם שרייבער.

ב) מאני לייב: „א מעשה וועגן זיך", זיך דערמאנענען מאני לייבס זאכן וואס די קינדער האבן געלערנט, פרואוון כאראקטעריזירן מאני לייבן דעם שרייבער.

ג) י.ל.פרץ: זיין ביאגראפיע, י.ל.פרץ „קינדער-יארן", זיך דערמאנענען וועגן אלע פרצעס דערציילונגען וואס די קינדער האבן געלערנט, פרואוון כאראקטע-ריזירן פרצן דעם שרייבער.

8) דער ארבעטער-רינג. א.ליעסין: „דער ארבעטער-רינג-הימען"
ל.פאגעלמאן: „דער ארבעטער-רינג"

באמערקונג: עס זיינען נייטיק נאך פאסיקע דערציילונגען פאר ג וועגן דעם איצטיקן יידישן לעבן, וועגן רדיפות איצטיקע און וועגן דעם נייעם יידישן לעבן איבער דער וועלט. ליידער איז דער צונויפשטעלער נישט געווען אין שטאנד אנצואווייזן אויף באמת וויכטיקע זאכן וואס זאלן זיין פאסיק פאר ג.

ג) פראגראם פאר שמועס און קאמפאזיציע אין „ג"

1) דערקלערונג

די גריים פון א קאמפאזיציע צום סוף ג איז שוין געווארן אנגעוויזן.

מע קומט דערצו בהדרגה. מינדלעכע אין שריפטלעכע אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציע פאַרנעמען א גלייך חשובן אָרט.

צו די מינים ארבעט וואָס מע קען אָנרופן קאָמפּאָזיציע קען דאָ צוקומען: פרימיטיווע באַשרייבונגען, גאַר קורצע איבערדערציילונגען פון גרעסערע זאַכן וואָס מען האָט אליין געלייענט; דאָס פאַרענדיקן א מעשה; דאָס פאַרענדיקן א מעשה אַנדערש ווי עס ווערט דערציילט אין בוך; דאָס דערגאַנצן א מעשה דורכן אַריינפירן נאָך א העלד און נאָך א פּאַסירונג; דאָס איבערמאַכן א מעשה דורכן איבעראַנדערשן איינעם אָדער עטלעכע מאָמענטן; דאָס פירן א גאַנץ פשוטן טאָגבוך.

די טעמעס קענען געהערן צו אַזעלכע דריי גרופּעס: א) טעמעס וואָס באַרירן דעם קינדס פערזענלעך לעבן; די דאָזיקע טעמעס זיינען א המשך פון די פריערדיקע קלאַסן. ווייטער ווערן אַנגעוויזן בלויז אַזעלכע טעמעס פון דעם מין וואָס וואָלטן זיך אין ב ניט געפּאַסט. אָבער אַלע טעמעס פון ב פּאַסן זיך פאַר ג. דאָ וועלן זיי נאָר ווערן באַאַרבעט געניטער און מער דערוואַקסן, אַזוי צו זאָגן. ב) טעמעס וואָס האָבן א שייכות צום לייענמאַטעריאַל און צו אונדזערע צילן. אויף זיי ווערט אין דער וויטערדיקער רשימה געלייגט די הויפּטאויפמערקזאַמקייט. זיי זיינען די נייע טעמעס; ג) טעמעס וואָס האָבן א שייכות בלויז צו איין דערציילונג אָדער ליד, וואָס זיינען גאַנץ נאַטירלעך נאָכן דורכנעמען די קאָנקרעטע דערציילונג אָדער ליד. די גרופּע טעמעס ווערט בכלל דורכגעלאָזט, ווייל עס וואָלט אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן אויף יעדער דערציילונג אָדער ליד באַזונדער און דאָס וואָלט פאַרנומען צו פיל אָרט. אַגב איז דאָ גרינג פאַר יעדער לערער זיך צו געבן אן עצה. צום טייל פאַרנעמט זיך און וועט זיך פאַרנעמען מיט דעם דער „פּעדאַגאָגישער בולעטען".

2) <u>טעמעס פאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע</u>

<u>די שול</u>. צו וואָס גיי איך דער יידישער שול. א געשפּרעך מיט א חבר וועגן דער יידישער שול. איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס איך לערן זיך אין דער יידישער שול. ווי זעט אויס אונדזער יידישע שול.

מיר האָבן א נייעם לערער. וואָס מיר טוען אין שול חוץ דער לערנצייט. מיר האָבן ליב געהאַט אונדזער פריערדיקן לערער. וואָסערע תירוצים מיר קלערן צו פאַרן לערער. מיינע חברים אין שול אין „סקול". מיינע לערערס אין „סקול". א מעשה מיט היימאַרבעטן. נאָך אונדזער שול־יום־טוב. ווי אַזוי מיר האָבן זיך געגרייט צום שול־יום־טוב. ווען אן אַנדערער האָט פאַרביטן אונדזער לערער.

יידישע שולן ניט ווייט פון אונדזער שול. יידישע שולן אין פּוילן. יידישע שולן איבער דער וועלט. מיר הערן א גרוס פון יידישע שולקינדער אַנדערשוואו.

<u>די היים</u>. ערשט איצט פאַרשטיי איך מיין מאַמען. ווען עסט די מאַמע? ווען שלאָפט די מאַמע? נאָר א מאַמע - זי איז איינע. איך פיל זיך שולדיק פאַר דער מאַמען. ווען איך האָב דער מאַמען פאַרציילט מיין סוד. איך בין געווען ברוגז. א מעשה מיט א יתום. די שענסטע מעשה וועגן א מאַמען, וואָס איך ווייס. מיין מאַמע איז א בריה. די מאַמע האָט געוויינט. ווען איך וואָלט געשריבן א בריוו דער מאַמען.

דעם טאַטנס געשעפטן. ווען דער טאַטע ברענגט אַהיים די שכירות. דער טאַטע איז קראַנק (איז אן ארבעט, סטרייקט). די מאַמע איז די פאַרדינערקע. דעם טאַטנס חברים. די מאַמע טענהט אַז דער טאַטע פאַרציט מיך. געכאַפּט א מפּלה פון טאַטן. אן א טאַטן.

דער טאַטע און דער זיידע. די דריי דורות: זיידע - טאַטע - איך. זיידע, איז דער טאַטע געווען א גוט קינד? דער זיידע און די באָבע - דאָס

אַלטינקע פאַר. ווען מײנע בײדע זײדעס טרעפן זיך. מײנע שוועסטער־קינדער. האָט ווער אַזוי פיל קרובים ווי איך? די פעטערס מיט די מומעס.

נאָכן רעמאָנט. אין קעלער און אויפן בוידעם. איך ליג זיך אויפן דאַך. בײ אונדז זעט מען גלײך אַז ס'איז אַ ײדישע שטוב. ווען אַלע זײנען אויפ־געלײגט. מיר האָבן אַרײנגעבראַכט דעם יום־טוב אין שטוב. איך און מײן הײם.

ווען איך מיטן ברודער ליגן זיך אין די בעטן. מײן צימער.

ווי אַזוי דאַרף מען האָדעווען הינטלעך (פײגעלעך, פישעלעך). ווען דער הונט וואָלט דערצײלט וועגן זײן לעבן.

<u>געשעענישן</u>. די פרײדיקסטע (די טרויעריקסטע, די שרעקלעכסטע, די סאַמע מאָדנע) געשעעניש אין מײן לעבן. וואָס איך שעם זיך צו דערצײלן. וואָס מײן חבר האָט מיר דערצײלט. איך האָב עס געהערט בײ אונדז אין שטוב. געזען מיט די אײגענע אויגן. אין אַ געפאַר. אַזאַ אומגליקלעכער צופאַל!

אין קינאָ. אין פאַרק. מיט אַן עקסקורסיע. אויפן ברעג ים. דאָס האָט פּאַסירט אויפן שולהויף. ווען איך בין געווען אין אַ פרעמדער שטאָט. מיר וואַרטן בײ דער שיף. פאַרשפּעטיקט די באַן. זיך געפילט ווי אַ העלד. אין טאָג פון וואַלן.

<u>חברים און שפּיל</u>. פאַר וואָס האָב איך אים אויסגעקליבן פאַר אַ חבר? געבליבן אָן חברים. אַ מאָדנער חבר. אַ מעשה מיט צוויי חברים. חברשאַפט איז ברודערשאַפט. אונדזער גאַנצע חברה. לוסטיקע יאַטן. אַ גרויסע פאַרמעסטונג. מיר וועטן זיך. איך וויל ווערן ......שפּילער. מיר האָבן זיך אונדזער שפּראַך. אונדזער קאָמאַנדע האָט געזיגט!

<u>קלײדונג און עסנוואַרג</u>. וואָס דעם מענטשנס קלײדער דערצײלן. אַ צרה מיט אַ קלײדל. זיך אויסגעפּוצט צו גײן און געבליבן אין דער הײם. איך קויף זיך אַ קלײדל. אומבאַקוועמע שיך. אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע. די נײע מאָדע.

ײדישע מאכלים. אַ געשמאַקער ביסן. לחיים! די אמתע לאַטקעס. די געפילטע פיש. שוין אײן מאָל אַן אַפּעטיט! מענטשן עסן ניט גלײך - זײנען זײ ניט גלײך.

<u>וועגן זיך</u>. די ביכער וואָס איך לײען. וואָס געפעלט מיר צו לײענען מער פון אַלץ. וואָס עס פעלט מיר יאָ (ניט) אין קינאָ. איך ווײס: איך בין ניט געווען גערעכט. געהאַלטן וואָרט. איך האָב זיך מודה געווען. עס פאַרדריסט מיר אַ שרעקן פריער געמאַכט און נאָך דעם געטראַכט. דאָס האָט זיך געלינט. מײנע חלומות. ווען איך זיץ בײם ראַדיאָ. מײנע וויכטיקע געשעפטן. ווען איך בין געווען קראַנק. וואָס איך געדענק.

<u>צײט</u>. דער אינדיאַנישער זומער. האַרבסט אין פאַרק. אין אַ ווינטערדיקן אָוונט. יונגע בלעטער. די זוניקע זײט פון גאַס. זומער בײם טײך (אין דאָרף, אין שטאָט).

וואָסער יום־טוב איז דער שענסטער? די אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלע יום־טובים פרילינג און ערשטער־מאַי. דער „לעיבאָר־דעי".

<u>די גאַס און די שטאָט</u>. די מענטשן וואָס איך טרעף שטענדיק גײענדיק אין שול. אונדזערע שכנים. אַ מאָדנע שכנה. די שכנים האָבן זיך צעקריגט. שטײט אַ קינד אין גאַס און ווײנט. די געוויינלעכע סצענעס אויף אונדזער גאַס.

בײ אַ פענצטער פון אַ קראָם. בײם קצב. שפּײזקראָם. אונדזער הויזוועכטער. געהאָלפן אַריבערגײן די גאַס. אונדזער גאַס אין פאַרשײדענע צײטן פון טאָג, (פון יאָר). אונדזער גאַס אין אַ יום־טובדיקן טאָג.

די געגנט וואו מיר וואוינען. מיטן באַס (סאַבוויי, טראַמוואַי). אין מוזיי. א שפּאַציר דורך א טייל שטאָט. אין דער ביבליאָטעק. דער שענסטער טייל שטאָט. אין גרויסן פּארק. אויף א הויפּטגאַס.

<u>וועלט</u> וואָס איך האָב געלייענט וועגן קאַלטע (טראָפּישע) לענדער. וואו וואָלט איך וועלן לעבן. איך וויל מאַכן א גרויסע רייזע. איך וויל זיין אן אוויאַטאָר. די העלדן פון דער לופט. אין א סובמארין. אויפן ים. אויף אן אינדזל. אין די בערג. וואָס א וואַלקן דערציילט.

א שטורעם. א פארפלייצונג. איך שטעל זיך פאָר: איך בין אין.....

אן אלטער בוים. איך האָב ליב בלומען. מאָדנע באַשעפעניש. א שפּאַציר אין זאָאָלאָגישן גאָרטן. ווי גרויס עס איז די וועלט!

<u>צווישן מענטשן</u>. א ביישפּיל פון געטריישאַפט. ווען מען איז אין כעס. דער וואָס טוט צו־להכעיס. א גאָלדענער מענטש. וואָס דו ווילסט ניט מע זאָל דיר טאָן - טו ניט דיין חבר.

געגאַנגען לייען געלט. פון וואָס מענטשן לעבן אויף דער וועלט. מענטשן וואָס משפּטן זיך.

אויף א באַנק אין פּאַרק. א סצענע אין סאַבוויי. מע שטופּט זיך - מע וויל זען. צווישן אלטינקע. פרויען פאַר די הייזער. א שמועס וואָס איך האָב צופעליק אונטערגעהערט.

<u>בריוו</u>. קורצע בריוו מיט א צונויפגעפּרעסטן אינהאַלט. אן אנטשולדיקונג־בריוול. אן אָפּרייד זיך צו טרעפן מיט עמעצן. בריוו מיט קורצע אָנפראַגעס.

בריוו וואָס גיבן איבער שטימונגען אָדער געשעענישן, צו חברים, צו אייגענע.

קאָלעקטיווע בריוו, ווי אין ב, און אויך צו דער רעדאַקציע פון א ייִדישער צייטונג, צו א געוועזענעם לערער, צו דער אייגענער שול־פאַרוואַלטונג.

אויסגעטראַכטע בריוו אין נאָמען פון א צווייטן: א בריוו פון אייראָפּע (פון דייטשלאַנד, פון פוילן און אנדערע לענדער). א בריוו פון כינע. בריוו פון פאַרשיידענע ייִדישע צענטערס.

-------

<u>ארבעט</u>. אלע ארבעטן! עס איז שווער ארומצוגיין ליידיק. גליק און ארבעט. פון פרי ביז שפּעט.

אין שאַפּ. וואָס דער טאַטע דערציילט וועגן ארבעט אין שאַפּ. איך האָב געלייענט אן אינטערעסאַנטע מעשה וועגן קוילנגרעבער. די ארבעט פון דעם פּויער. איך קוק זיך צו ווי מען בויט א הויז. ווי אזוי פאַרדינט מען שיך. ביים פרעסן קליידער.

אן אומגליק בעת דער ארבעט. געבליבן אָן א האַנט. פאַר וואָס קומען פאָר אומגליקפאַלן בעת דער ארבעט. קראַנק געוואָרן פון דער ארבעט.

דער טאַטע סטרייקט. דער טאַטע איז געווען אין „פּיקעט־לאַין". א געשפּרעך מיט איינעם פון „פּיקעט־לאַין". פאַר וואָס סטרייקט מען? געוואונען דעם סטרייק.

די ארבעט איצט און די ארבעט אַמאָל. די מאַשין - דעם מענטשנס חבר. ווי אזוי דער טאַטע האָט געאַרבעט ווען ער איז געקומען קיין אמעריקע. וואָס

ווים איך וועגן „סוועטשאפ״. דער זיידע דערציילט ווי מע פלעגט אמאָל ארבעטן.

דער טאטע (די מאמע) זוכט ארבעט. דער טאטע ארבעט ניט א גאנץ יאָר. אן ארבעטלאָזער איז געזעסן אין פארק. א געשפרעך מיט אן ארבעטלאָזן. פאר וואָס זיינען דאָ אזוי פיל ארבעטלאָזע? מיין ברודער קען ניט קריגן קיין ארבעט.

פאר וואָס ארבעטן קינדער? פאר וואָס איז שעדלעך קינדער־ארבעט? קינדער ארבעטן און גרויסע זיינען ארבעטלאָז. א מעשה מיט א קינד וואָס ארבעט אין פאבריק. א קינד וואָס ארבעט אויפן פעלד. איז עס שווער צו זיין א שיך־יינגל? איך האָב זיך צערעדט מיט א קליינעם שיכפוצער. קינדערארבעט אין דער אלטער היים.

נויט. די גרויע נויט. ווען מענטשן הונגערן. אין הונגער און אין קעלט. וויפל דארף א מענטש? אן א דאך איבערן קאָפּ. ביי א פרעמדן טיש. דער אָרעמער יתום. קליינע קינדער וואָס בעטלען. דער בלינדער בעטלער און זיין הונט. דער מענטש מיט דער פידל. א בעטלער אין גאס. פאר וואָס העלפט מען זיי ניט? געהערט א מעשה וועגן שרעקלעכער נויט.

א גאס אין אן אָרעמער געגנט. אין אן אָרעמער שטוב. ווי מיין מאמע האט זיי געהאָלפן.

וואָס פילט א מאמע פון הונגעריקע קינדער. ווען א טאטע קומט אָן געלט אהיים. פאר וואָס איז דאָ נויט? ווי זאָל מען העלפן מענטשן אין נויט? וואָס זאָל מען טאָן, עס זאָל מער ניט זיין קיין נויט אויף דער וועלט? ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט.

אומגלייכקייט. אָרעם און רייך זיינען ניט גלייך. אונטערשיידן צווישן אָרעם און רייך (אין אויסזען, אין עסן, אין קליידן זיך, אין וואוינען, אין פארברענגען די פרייע צייט, ביים קראַנק ווערן, ביים האָדעווען קינדער, ביים שטודירן). ווי דער רייכער באַציט זיך צום אָרעמען. דער באלעבאָס און דער ארבעטער. ס'איז ניט גוט צו זיין א שוואכער. צי דארף זיך דער שוואכער (דער אָרעמער) שעמען?

אין א געגנט וואו עס וואוינען שווארצע. ווי מע באציט זיך צו שווארצע אין דרום. וואָס איך האָב געלייענט וועגן שקלאפן אין אמעריקע. האָבן שווארצע גלייכע רעכט?

אמאָליקע שקלאפן. יידן זיינען געווען שקלאפן אין מצרים.

פאשיסטישע פארשקלאפונג. די אָרעמע בינע. ווי מע רויבט צו פרייהייט פון גאנצע פעלקער. אונטער א דיקטאטור.

וואָס פאר א פרייהייטן יעדער מענטש דארף האָבן. פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט. אלע מענטשן זיינען ברידער!

מלחמה. וואָס ווים איך וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווי מע גרייט זיך צו דער מלחמה (עווענטועל - די איצטיקע מלחמה אויף דער וועלט). וואָס איך האָב געלייענט וועגן א סאָלדאט אין טראנשייען. דאָס שרעקלעכסטע בעת א מלחמה. א לופטאנפאל. די אומשולדיקע קרבנות. א געשפרעך מיט א געוועזענעם סאָלדאט אין דער וועלט־מלחמה.

קומען וועט, צי פרי צי שפעט, די צייט אָן מלחמה. „און עס וועט זיין אין ענד פון די טעג״. שווערד און אקער־אייזן.

אין
קאמף. וואָס געפעלט מיר ניט דער איצטיקער אָרדענונג? איך גלייב אז עס וועט ווערן בעסער און גערעכטער. וועמען איז איצט ניט גוט? ווער קען

אויסבעסערן די וועלט? יושר און שלום? וואס א מענטש פארדינט מיט זיינע צען פינגער דאס איז זיינס. פאר וואס איך בין פאר סאציאליזם.

יונגע חברה זיינען אמאל געווען רעוואלוציאנערן. מיט דער רויטער פאן אין האנט. אויך אן אומלעגאלער דעמאנסטראציע. אין וואלד אויך אן אומלעגאלן צונויפקום. ווי העלדיש עס זיינען געווען די אמאליקע רעוואָ-לוציאנערן. וואס האב איך געליענט וועגן „קליינעם בונד". פאר וואס האט עס געדארפט זיין א שבועה אויף לעבן און טויט?

ווען מע טראכט ניט אזוי ווי אלע. ווען שוואכע נעמען זיך צוזאמען ווערן זיי שטארקער. וואס ווייס איך וועגן קאמף פון ארבעטער אין אמעריקע. מיט וואס געפעלט מיר יודזשין וויקטאר דעבס?

ווי מיר האבן זיך געגרייט צום ערשטן מאי. נאכן ערשטן מאי. ווי שיין עס איז געווען דער ערשטער-מאי-פאראד?

דאס יידישע לעבן. מיר וואוינען צווישן יידן . מיינע בעסטע חברים זיינען יידן. מיין ניט-יידישער חבר. איצט ווייס איך א סך מער וועגן יידן. איך בין צופרידן וואס איך קען יידיש. איך וועל זיך באמיען צו ריידן יידיש.

מיר האבן א סך יידישע ביכער. ווען רעדט מען ביי אונדז אין דער היים יידיש און ווען ענגליש. מיר לייענען יידישע צייטונגען. אין יידישן טעאטער. וואס דער טאטע דערציילט וועגן א יידישן שרייבער, זיינעם א באקאנטן. מיין זיידע איז זייער פרום. א יידישער יום-טוב ביי אונדז אין שטוב. ווי זעט אויס אונדזער גאס ווען עס קומט יום-כיפור? די קראמען פאר פסח.

אמאליקע יידישע קינדער. א רבי און א חדר. אמאליקע יידישע פרנסות. אמאל איז אויך געווען פרייליך. יידישע צרות און יידישע פרייד פון אמאל.

וואס ווייס איך וועגן יידן אין פארשיידענע לענדער. עס איז צו אונדז געקומען אן אנטלאפענער פון דייטשלאנד. די יידן פון דייטשלאנד. ווי אזוי מיר האבן געקליבן געלט פאר יידישע קינדער אין פוילן. אלע ווילן קומען קיין אמעריקע? וואס מע רעדט ביי אונדז אין שטוב וועגן דער יידישער לאגע אין דער וועלט. איך האב געהאט א געשפרעך וועגן יידן. קויפט ניט קיין דייטשישע סחורות!

פאר וואס איז מען שלעכט צו יידן? וואס זאל מען טאן, עס זאל מער ניט זיין קיין שינאה צו יידן.

ד) וואקאבולאר פארן „ג"

ב) דערקלערונג

אין אלגעמיין איז דער וואקאבולאר פארן ג געבויט אויף די זעלביקע יסודות וואס דער וואקאבולאר פארן ב. אבער דא איז דער עיקר אויסגעקומען צו רעכענען זיך מיט די טעקסטן וואס קומען אריין אין דער פראגראם פאר ליטעראטור. אויב אבער מע וואלט דא געפרואווט אויסרעכענען אלע ווערטער וואס טרעפן זיך דארטן, וואלט דער וואקאבולאר געווארן א פיר-פאכיקער. האט מען דא זיך קאנצענטרירט בלויז אויף א טייל פון יענע ווערטער און דערפאר זיך גענויער אפגעשטעלט אויף די ווערטער-פארבינדונגען וואס זיינען טיפיש פאר זיי.

מען הייבט אן לערנען געשיכטע, און צוזאמען מיט דעם לימוד קומט אריין א שלל נייע ווערטער. ביים לערנען געשיכטע טרעפן זיך די ווערטער צום ערשטן מאל. קומט יעמאלט אויס זיי צו דערקלערן. אבער כדי צו פארפעסטיקן אין זכרון זייער באטייט און כדי מעגלעך צו מאכן דאס נוצן די נייע ווערטער,

קומען זיי שפּעטער אריין אין אנדערע פאַרבינדונגען און שייכותן: האָט מען געמוזט זאָרגן, אַז אָט די ווערטער זאָלן געפינען אַן אָרט אין דעם וואָקאַבולאַר פאַר ג.

פון ווערטער וואָס שטאַמען פון העבּרעאיש האָט געקענט אַריינקומען נאָר אַ טייל פון יענע וואָס טרעפן זיך אין די טעקסטן: אויף וויפל מע קען זיך משער זיין, האָט מען זיך געמיט צו נעמען די אָפּטערע, אָדער די אומפאַרמידלעכע, אָדער די וואָס זיינען פאַרבונדן מיט באַגריפן און פאָרשטעלונגען וואָס מע וויל זיי איבערגעבן די קינדער. סך־הכל קומען דאָ אַריין 99 נייע ווערטער, צוזאַמען מיט די ווערטער פון א און ב מאַכט עס אויס: (14 און 84 און 99) 197 ווערטער, זיבער ניט קיין צו גרויסע פּאָרציע.

ווי בנוגע די פריערדיקע קלאַסן, דאַרף אויך דאָ פאַרשטאַנען ווערן, אַז נאָר אַ טייל פון וואָקאַבולאַר וועט פאַקטיש אַריין אין דער שפּראַך פון קינדס ריידן און שרייבן. אָבער אַלע ווערטער דאַרפן גרינג און פינקטלעך פאַרשטאַנען ווערן און אָן שוועריקייטן דורכגעלייענט ווערן.

2) <u>וואָקאַבולאַר פאַר „ג” נאָך טעמעס נאָך</u>

<u>די שול</u>. אַלטער זמן, נייער זמן. איבערחזרן נאָך אַ מאָל, גוט איינחזרן. האָבן אַ מיינונג, אַרויסזאָגן אַ מיינונג, פאַרטיידיקן אַ מיינונג. דרך־ארץ פאַרן לערער, פאַר עלטערע, אַרויסווייזן דרך־ארץ. האָבן אַ גוטע באַציאונג צום לערנען, ביטן די באַציאונג צום לערנען, זיך באַמיען, אויפטאָן אַ סך. זיך אַנטשולדיקן, חרטה האָבן, האָבן טענות, זיך מודה זיין, זיין חוצפּהדיק, געפינען אַ תּירוץ, פּטור ווערן. פאַרשטיין דעם עיקר, גוט ריכטיק באַנעמען אַ זאַך. געפינען דעם אונטערשייד, פיין פאָרמולירן, קלאָרער פאָרמולירן. צונויפשטעלן אַ פּלאַן, טראַכטן אין פּינקט אַריין, פאַרקירצן, פאַראיינפאַכן. שטעלן אַ פראַגע. פאַרענטפערן אַ פראַגע. געפינען די סיבה, ניט פאַרשטיין די סיבה, זיך דערטראַכטן צו דער סיבה. מעלות און חסרונות פון עפּעס. אָנווייזן אויף אַ מעלה (אַ חסרון). עס האָט אַ שייכות, וואָסער שייכות האָט עס, די שותּפותדיקע שטריכן, געפינען דאָס שותּפותדיקע.

די מעשהלעך־וועלט: מלך, מלכּה, בן־מלך, בת־מלכּה, נס, וואונדער, כּישוף, כּישוף־מאַכער, פאַרכּישופן. זוכן, געפינען אַן אוצר.

<u>די היים</u>. די משפּחה, קרובֿים, בן־יחיד, בת־יחידה, פאַרצויגן, נאָכגעגעבן. חתונה געהאַט, שווער, שוויגער, איידעם, שנור. ג. אַרבן, ירשענען, יורש, זיך קריגן איבער ירושה, זיך ניט קענען איינטיילן מיט דער ירושה. אַ יום־טובֿ אין דער משפּחה. מזל־טובֿ, דערלעבן מיט מזל, האָבן מזל, אָפּגעבן מזל־טובֿ. דער אַלטער דור, דער נייער דור, פאַרשיידענע דורות. די שטוביקע, די אייגענע. מע מאַכט אַ לחיים.

ברוגז, זיך צעקריגט, טאָן צו־להכעיס, אָפּטאָן, אַרויסווייזן חוצפּה, אָפּטאָן מעשׂים, ווילדע מעשׂים. אַרויסווייזן ליינע שטריכן, אַרויסווייזן גוטסקייט, מיטגעפיל, פאַרשטיין די עלטערן, דרך־ארץ פאַר די עלטערן, דער חובֿ צו די עלטערן. געפּועלט ביי דער מאַמען, אַ תּירוץ צוקלערן. גוט דערציען, שלעכט דערציען.

דעם טאַטנס פּרנסה, זאָרג, האָבן פּרנסה, פאַרלירן די שטעל, גוט פאַרדינען, פאַרדינען גענוג.

פונדאַמענט, קעלער, בוידעם, דאַך. שמאָך, העכסטער, נידעריקסטער, אַרויפקלעטערן אויפן דאַך, לויפן אויף די טרעפּ, שפּרינגען איבער די טרעפּ, זיך אַראָפּגליטשן פון די טרעפּ. פונאַנדערבלאָזן דאָס פייער, דאָס פייער גייט אויס. קוילן, אַריינשיטן קוילן.

דער קאָרידאָר פירט צו מײַן צימער. לײַלעך, קאָלדרע.

זײַן א בריה, מקבל פּנים זײַן געסט, לכבוד די געסט, עס איז רײַן. עס שײַנט אין אלע װינקלעך.

<u>געשעעניש</u> פּאַרגעקומען, פּאַסירט, געשען, עס האָט זיך געטראָפן. מיר האָבן זיך געריכט, אומגעריכטערהײט, גאָר אין מיטן דרינען, פון העלער הויט, אין א װאָכעדיקן מיטװאָך. װער האָט געקענט זיך ריכטן אויף דעם.

צער, פאַרדראָס, האַרצװײטאָג, קאָפּװײטאָג, פרייד, הנאה, נחת, שמחה, געװינס, װאונדער, נס. אין גרויס געפאַר, זיך געראַטעװעט פון א געפאַר, פּטור געװאָרן פון א צרה (א געפאַר), געװען אין געפאַר. שיר ניט אומגעקומען, שיר ניט רײך געװאָרן.

אן עולם, א צונויפלויף, א קרײזל, א טומל, א שטופּערײַ. געחלשט, אָפּגעמײנטערט, א װעקגעפירט אין שפּיטאָל.

<u>חברים און שפּיל.</u> (עס זײַנען געזעצלעך אויף ײדיש די אינטערנאַציאָנאַליזמען װאָס האָבן א שײַכות צו ספּאָרט: פוטבאָל, בעיזבאָל, באַסקעטבאָל, װאָליבאָל, גאָלף, פּינגפּאָנג, קראָקעט, טעניס און אַנדערע. אָבער פאַר די ספּעציפישע ענגלישע װערטער איז נײטיק צו געפינען אדעקװאַטע ײדישע אויסדרוקן)

געװעט־

חברה, חברשאַפט, יאָט; פאַרמעסטונג, געװעט, אין װאָס פאַרשפּילט, געליטן א מפּלה, געהאַט א נצחון. מיר אַרבעטן מעשים.

<u>קלײדונג און עסנװאַרג.</u> איבערחזרן די נעמען פון אונדזערע איצטיקע קלײדער. די אַמאָליקע קלײדער: די קאָפּאָטע, די יאַרמלקע, פּאָלעט. אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. קלײדונג.

די כלים אין קיך. די פאַרשײדענע אַרבעטן בײַם צוגרײטן דאָס עסן. א געשמאַקער ביסן, צעגײט אין מויל, א מאכל, א מחיה, א לחײם, מאַכן א לחײם, אויסטרינקען א כוסע, נעמען א כוסע, טײג, לעקעך, קוילעטש, שטרודל, פלאָדן. א פּאַלומעטיק פיש. א סעודה, א קיניגלעכע סעודה. ראָזינקעס און מאַנדלען. פאַסטן. עסנװאַרג. דער יום־טוב און זײַנע מאכלים.

<u>װעגן זיך.</u> די גלידער פון מענטשלעכן קערפּער. ריפּן, מאָגן, לעבער, מאַרך.

א ריח, א טעם, איך פיל דעם ריח (דעם טעם), עס האָט א ריח (טעם). איך האָב הנאה (פרייד, נחת, פאַרגעניגן, פאַרדראָס, האַרצװײטאָג, חרטה, צער, מזל, בדעה). זיך מודה זײַן, זיך מחיה זײַן. אין א גוטער (א שלעכטער) שטימונג. די שטימונג בײַט זיך, א מענטש מיט שטימונגען.

<u>צײַט.</u> גוט פאַרבראַכט, די צײַט פליט פאַרבײַ אומבאַמערקט, פאַרן די צײַט אויף גאַרניטש, אומזיסט־ אומניש. עס גײט א טאָג נאָך א טאָג (א יאָר נאָך א יאָר)

דער רעגן־ גיסט, שמײַסט און פּנים, נעמט דורך אלע גלידער. פראָסט־ שנײדיקער, ברענעדיקער. קעלט, פײַכטקײט, נעץ, נאַסקײט, היץ.

יום־טוב, ערב יום־טוב, זיך גרײטן צום יום־טוב, האָבן א פרײלעכן יום־טוב. א פאַרשטערטער יום־טוב. יום־טובן. ראש־השנה, יום־כיפּור.

סוכות, חנוכה, פורים, פסח, שבועות. פורים, די פורים-שפּילער, די פורימדיקע סעודה, שיכור, ניכטער. שהועות, גרינס אויף שבועות, בליבצעס.

<u>די גאס און די שטאט.</u> זאכן וואס מע קען קויפן אין שפּייזקראם, מילכקראם, פרוכטקראם. א מציאה, קויפן א מציאה, כאפּן א מציאה. מאכן א חשבון, פארדרייען א חשבון.

געשריי, טומל, גערודער, צוזאמענשטויס, עולם. געשלעג, פּעטש, מאשינען - לויפן, טרייבן, גלאנציקע, קאלירטע.

דער טראמוואי, דער אפּשטעל, דער קאנדוקטאר, פארגעלט, אין א פאלשער ריכטונג. סטאנציע, אראפּגיין אויף דער סטאנציע. באן, וואגאן, טאבוי. פארן מיטן שיף (באן אאז"וו).

הויפּטגאס, זייטיקע גאס, שמאל געסל. פארשטאט, די ארומיקע געגנט. דער ברעג טייך, דער ברעג ים, דער האפן, דער עראדראם.

<u>וועלט</u>.. מזרח, מערב, צפון, דרום. די מאפּע ים, אקעאן, יבשה, טייך, אזערע, דרכגוס, איינגוס, אינדזל, האלבאינדזל. קאנטינענט, וועלטטייל. נייע וועלט, אלטע וועלט. בארג. בערגקייט, שפּיץ בארג, רוקן פון בארג, צו פוסנס פון בארג. הויכלאנד, פלאכלאנד, נידערלאנד. מדבר, סטעפּ, וויסטעניש, וואולקאן, לאווע, ערד-ציטערניש, פארפלייצונג. לאנד, באפעלקערונג, באוואסערונג, געדיכט באפעלקערט. גערעטעניש, אומגערעטעניש, טריקעניש. שאף, בהמה, אקסן, פערד, פאטעכער. ערדארבעטער. פייגן, מאנדלען, איילבערטן, פאלמעס, דעמב, סאסנע.

<u>צווישן מענטשן</u> נשמה - איידעלע, פיינע, דינע, צארטע, וואוילע. מענטש - איידעלער, וואוילער, וויכהארציקער, גרויסמוטיקער, ברייטהארציקער, פאלשער, בייזער, מיאוסער.

דערצארנט, אויפגעבראכט, גוטמוטיק, אין א גוטער שטימונג. איידלקייט, פיינקייט פון כאראקטער. א גרויסע מעלה (חסרון). א מענטש מיט אלע מעלות, א מענטש אן א גאל. א בריה, אן אויפטוער, א דרייער, א פלינקער קאפּ; א גולן, א שוטה, א פארשטאפּטער קאפּ, א שיכור, א צעטומלטער. דער העלד, דער גיבור. איידלקייט, פיינקייט, צארטקייט, גראבקייט, חוצפּה. מקנא זיין עמעצן, האבן טענות צו עמעצן, זיך באקלאגן אויף עמעצן, זיך באקלאגן פאר עמעצן.

ווארפן בליקן, זיך ארומקוקן, ארויסלאזן א זיפץ. זיפץ - שווערער, ביטערער, פון טיפן הארצן. בליק - פריילעכער, טרויעריקער, מונטערער, שארפער.

פארדינען, פארדינסט, אנווערן, אנווער, הזבן פרנסה, פארדינען אויף שבת, לייען געלט. חוב, חשבון, מאכן א חשבון, א פאלשן, א ריכטיקן; מטבע, שבי רות, מציאה, שותף, שותפות, זיך טיילן, זיך ניט קענען צעטיילן חוב. אפּגעבן, באצאלן, מאכן חובות. דער סך-הכל דלות, בדלות ווערן. עסק, גוטער, שלעכטער. עס לוינט ניט דער עסק. לייען, בארגן, לייען אויף פּראצענט. לעבן מיט (אן) א חשבון. אנווערן דאס גאנצע געלט, ארויס פון געשעפט אן א העמד. פירן געשעפטן, אויפגעבן דאס געשעפט, ארויס פון געשעפט.

געריכט, ריכטער. זיך משפּטן, א משפּט, אן עדות, זאגן עדות, מסרן, באשולדיקן, באווייזן, פארטיידיקן, לייקענען, זיך מודה זיין, פארמשפּטן צו פינף יאר טורמע. טויטשטראף. באפרייען, שולדיק, אומשולדיק.

ארבעט. ארבעט, האָרעוואַניע. אַרבעטער, לײדיקגײער, פּוסט־און־פּאַסניק. פאַרהאָרעוועט, פאַרמאַטערט, אויסגעמאַטערט. אויסגעאַרבעטע הענט. לעבן פון ארבעט. פון אײגענער האָרעוואַניע, פון די אײגענע צען פינגער. האָרעווען. פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט, פאַרדינען אויף צו לעבן. ארומגײן פּוסט און פּאַס, זיך ארומדרײען.

שכירות, קריגן שכירות, קנאַפּע שכירות; בעסערע, ערגערע שכירות. העכערן, קירצן די שכירות. קעמפן פאַר בעסערע שכירות, אויסקעמפן בעסער שכירות, פאַרהאַלטן די שכירות, אראָפּרײסן פון די שכירות. געשניטן די שכירות אויף א פערטל, דריטל.

ארבעט־שעהן, לענגערע, קירצערע. פאַרלענגערן די ארבעטצײט, קעמפן פאַר קירצערע ארבעטצײט.

געהאַלט, לוין, שכירות, באַצאָלונג. וואַרשטאַט, שאַפּ, פאַבריק. אָננעמען אויף א שטעל, אָפּזאָגן פון א שטעל. קריגן א שטעל, בײטן די שטעל, זיך ארומקוקן וועגן א נײער שטעל.

ארבעטלאָז, ארבעטלאָזיקײט, ווערן ארבעטלאָז, אונטערשטיצן ארבעטלאָזע. קאַמף קעגן ארבעטלאָזיקײט. מיטלען קעגן ארבעטלאָזיקײט. שטענדיקע ארבעטלאָזיקײט, צײטווײליק ארבעטלאָז.

קינדער־ארבעט, פרויען־ארבעט, מענער־ארבעט, שקלאַפן־ארבעט. ארבעט־פרײד, ארבעט־באַדינגונגען, ארבעטשטעל. שיק־ײנגל, לויף־ײנגל, קאַנטאָר־ײנגל.

אויסנוצן, אונטערדריקן, עקספּלאָאַטירן.

נויט. נויט – די גרויע, די ביטערע, די בײזע, לײדן נויט, הונגער. אויסגײן פאַר הונגער. ניטאָ קײן מזל, קײן פּרנסה. ווערן בדלות, פאַרלירן די כוחות, חלשן, ליגן פאַרחלשט, אויספּעלן אויף ברויט, אויף דעם ניטיקסטן. ניטאָ קײן גראָשן בײ דער נשמה. בעטלען, אויסשטרעקן א האַנט, אָנקומען צו מענטשן.

אומגלײכקײט גלײכקײט – אומגלײכקײט; יחסן, ייחוס. גביר – אָרעמאַן, קנאה, מקנא זײן. בעטלער, בעטלערײ, בעטלען, נדבה. רײך, חשוב, פאַראַכט. אָפּגעבן כבוד דעם רײכן, דרך־ארץ פאַרן רײכן. דער אונטערשײד צווישן די עוולות קעגן, די טענות קעגן. האָבן די דעה, זאָגן א דעה. רעכט – אומרעכט. באַפרײט – פאַרשקלאַפט, הערשער – אונטערדריקטער.

מלחמה אָנהײבן א מלחמה, ארויס אויף מלחמה, אָנפאַלן, באַפאַלן. פלוצלונג, אומגעריכט באַפאַלן. צוריבן, אַוועקרויבן, אויסהרגענען, אונטערצינדן. שווערד, שפּיז, שילד, ביקס, קוילן, האַרמאַטן, קריגשיפן. ארמײ, אָנפירער פון דער ארמײ, זיך אונטערגעבן, אומבאַוערקט זיך דער־נענטערן. צוגרײטן א מלחמה, זיך באַוואָפענען, באַוואָפענונג, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. מפּלה, האָבן, לײדן א מפּלה. אָפּהאַלטן א נצחון. דער סך־הכל פון דער מלחמה, די סיבות פון דער מלחמה. העלדישקײט, העלד, מלחמה־העלד. באַזיגן א פאָלק, אונטערדריקן א לאַנד, א פאָלק.

קאַמף. קעמפן קעגן, קעמפן פאַר. מוטיק העלדיק קעמפן. קרבן, גײן אויף קרבנות, ברענגען א קרבן. באַפרײען די וועלט, די ארבעט, די מענטשהײט, דאָס אַרבעטער־פאָלק, אונטער דער רויטער פאָן, גײן מאַרשירן, קעמפן אונטער דער רויטער פאָן. זײן מוטיק, העלדיש, קעמפעריש. דעמאָנסטרירן, גײן אויף א דעמאָנסטראַציע. צעטרײבן, צעיאָגן, ארעסטירן, פאַרשיקן. פאַרשיקט, אַנטלאָפן. פאַרשיקט אויף צען יאָר צײט, אויפן גאַנצן לעבן. זיצן אין טורמע, אַנטלויפן פון טורמע. אן ארעסטירטער, א פאַרמישפּטער, א פאַרשיקטער, אן אַנטלאָפענער. שווערן, שבועה.

קעמפן אויף לעבן און טויט, פאר פרייהייט, פאר גערעכטיקייט; קעמפן קעגן אונטערדריקונג, קעגן עוולות, קעגן פאלשקייט, קעגן די אונטערדריקער. די איצטיקע אָרדענונג, נייע, בעסערע אָרדענונג. יושר - אומיושר. גלייכקייט - אומגלייכקייט, אייניקייט - אומאייניקייט.

<u>דאָס ייִדישע לעבן</u>. ייד און ניט־ייד, גוי, קריסט. יידנפריינד, יידנפיינד. אנטיסעמיט, אנטיסעמיטיזם. לעבן מיט יידן, צווישן יידן, פון יידן, לעבן ווי יידן.

אלטער דור, נייער דור. פרומע (פרייע) יידן. חדר, רבי, רביצן, טייטל, באהעלפער. שול, סינאַגאָגע, רב, דאַווענען, ארץ־ישראל, בית־המקדש, חרוב, גלויבן, האָפענונג, פרומקייט.

די יידישע יום־טובים, יידישע אכילות, קליידונג.

טרייבן, ארויסטרייבן, צונעמען רעכט, אונטערדריקן, באליידיקן יידן. אנטלויפן, זיך ראטעווען, זיך אקעגנשטעלן, האָפן, אויסהאלטן, דערלעבן, איבערלעבן. זיך באפרייען, זיך פאראייניקן, טרייסט, טרייסטן.

<u>3) ארבעטן בשייכות מיטן וואָקאבולאר</u>

<u>האָמאָנימען</u> ארבעטן איבער האָמאָנימען אזוי ווי אין <u>ב</u> און חוץ דעם:

א) האָמאָנימען וואָס באקומען זיך אין דער פארקלענער־פאָרם: פליגעלע - פון פליג און פליגל; זעקל - פון זאק און זאָק; בעקל - פון באק און באָק.

ב) האָמאָנימען וואָס באקומען זיך ביים בייגן ווערבן אין דער צווייטער און אין דער דריטער פערזאָן: גיסט - פו געבן און גיסן; פליסט - פון פליען און פליסן; נייט - פון נייען און נייטן.

-----------

<u>סינאָנימען</u> זיך מער פארנעמען מיטן עניין סינאָנימען ווי אין די פריערדיקע קלאסן. אויסנוצן די געלעגנהייטן וואָס עס גיט דער וואָקאבולאר.

א) אדיעקטיוויש סינאָנימען: פיין־איידל; צארט: פריי - פטור; חרוב - צעשטערט; גוט - וואויל; געשמאק - מחיהדיק; מזלדיק - גליקלעך; מוטיק - דרייסט; ציכטיק - ריין; ברייטהארציק - גרויסמוטיק; איינפאך - פשוט; חוצפהדיק - גראָב; חשוב - געאכט.

ב) סובסטאנטיווישע סינאָנימען: שטוב־ היים, דרך־ארץ - אכטונג; חוצפה־גראָבקייט; שבירות - געהאלט; ארבעטער־האָרעפאשניק; עיקר - הויפטזאך; דלות - אָרעמקייט; חסרון - פעלער; חשבון - רעכענונג; מלחמה - קריג; מזל - גליק; מלך - קעניג; נצחון - זיג; סעודה - מאָלצייט; עסק - געשעפט; שופט - ריכטער; צער - הארצווייטאָג; מוט - דרייסטקייט.

ג) סינאָנימען וואָס זיינען פשוטע אָדער צונויפגעזעצטע ווערבן: ארבעטן - האָרעווען; גראטולירן - אָפגעבן מזל־טוב; האָבן די דעה - האָבן די מאכט; פארדינען - האָבן פרנסה; פאָרקומען - פאסירן; געשען - זיך טרעפן; אויסריידן - מוסרן; ירשענען - באקומען ירושה; שיינען - לייכטן; איבערחזרן - זאָגן נאָך א מאָל; העלפן - אונטערשטיצן; אָנווערן - פארלירן; חרוב מאכן - צעשטערן.

אלע מינים ארבעטן וואָס זיינען אנגעוויזן פאר <u>ב</u> זיינען פאסיק פארן <u>ג</u>. חוץ דעם קענען נאָך צוקומען אזעלכע מינים ארבעטן:

א) געבן סינאָנימען־אדיעקטיוון און זען די קינדער זאָלן צו זיי צופאסן די ריכטיקע סובסטאנטיוון, למשל:

ריכטיק, עכט, ענטפער, מטבע - א ריכטיקער ענטפער, אן עכטער מטבע.

ב) געבן סינאָנימען-ווערבן און זאָגן די קינדער זאָלן צו זיי צו-פּאַסן די ריכטיקע סובסטאַנטיוון, למשל: זיך באַפרייען, פּטור ווערן, פון א נודניק, פון טורמע -
זיך באַפרייען פון טורמע, פּטור ווערן פון א נודניק.

ג) אָנווייזן די סינאָנימען און אויפגעבן זיי אריינצושטעלן אויפן ריכטיקן אָרט, לויט דעם קאָנטעקסט נאָך, למשל:

גליקלעך אָדער מזלדיק? מיין חבר איז...... .., ער האָט געוואונען אין דער לאָטעריי; מיין חבר איז....., ער האָט דערגרייכט זיין ציל.

---------

אַנטאָנימען. אַרבעטן איבער אַנטאָנימען פאַרנעמען א חשובן אָרט אויך אין ג. דאָ פּאַסן זיך אַלע טיפּן אַרבעטן וואָס אין ב, בלויז דער מאַטעריאַל ווערט א ביסל שווערער.

א) זיך באַמיען אויסצונוצן פּאַסיקע שטעלן אין די טעקסטן וואָס מע לייענט, למשל פון שלום-עליכמס „חנוכה-געלט": „קיינער אין דער וועלט וועט ניט זאָגן אַז דער טאַטע און דער פעטער בעני זיינען ברידער. דער טאַטע - א הויכער, א דאַרער; דער פעטער בעני - א קורצער, א גראָבער; דער טאַטע - א פאַרזאָרגטער, א שווייגער; דער פעטער בעני - א פריילעכער, א רעדנער. טאָג מיט נאַכט, זומער און ווינטער - און דאָך אייגענע ברידער".

ב) געניטונגען מיט דעם פּאַרטראַף אומ-: טריי - אומטריי, גערעכט - אומגערעכט, רעכט - אומרעכט, יושר - אומיושר, איניקייט - אומאייניקייט אאז"וו.

ג) אָדיעקטיווישע אַנטאָנימען וואָס זיינען אין די פריערדיקע קלאַסן ניט פאָרגעקומען:

עכט - פאַלש; שיכור - ניכטער; חוצפּהדיק - באַשיידן; מזלדיק - שלימזלדיק; ציכטיק - שמוציק; צעשטערט - גאַנץ; צאַרט - גראָב; קאָמפּעריש - אונטערטעניק.

ד) סובסטאַנטיווישע אַנטאָנימען וואָס מען האָט פריער ניט געהאַט אין וואָקאַבולאַר:

מעלה - חסרון; נצחון - מפּלה; גביר - אָרעמאַן; טומל - שטילקייט, שעדלעכקייט - נוציקייט; טרייסאַפט - פאַלשקייט; באַפרייאונג - פאַרשקלאַפונג; פאַרטיידיקער - באַשולדיקער; איידלקייט - גראָבקייט.

ה) פאַרשיידענע אַנדערע אַנטאָנימישע אויסדרוקן וואָס האָבן זיך פריער ניט געהאַט באַגעגנט.

באַפרייען - פאַרשקלאַפן; באַשולדיקן - פאַרטיידיקן; פאַרבעטערן - פאַרערגערן; לייקענען - זיך מודה זיין; אָננעמען אויף א שטעל - אָפּזאָגן פון א שטעל; אַרויספירן דרך-ארץ - אַרויסווייזן חוצפּה; העכערן שכירות - קירצן שכירות; האָרעווען - אַרומגיין פּוסט און פּאַס; אָפּהאַלטן א נצחון - ליידן א מפּלה.

---------

פּאַראָנימען. אונטערשיידן צווישן צו און צע: צוגיין און צעגיין, צונעמען און צענעמען; צווישן אויף און אַרויף: אויפגיין און אַרויפגיין; צווישן אויס און אַרויס: אויסגיין און אַרויסגיין.

---------

אידיאָמאטיק. די ארבעט איבער אידיאָמאטיק איז א צווייערלייִיקע: פון איין זייט קומט אויס סתם אונטערצושטרייכן דעם אידיאָמאטישן אויסדרוק, ווען ער טרעפט זיך אין א געלייענטן טעקסט; פון דער אנדער זייט קומט אויס צו שאפן ספעציעלע ארבעטן איבער אידיאָמען: זיי ארויסנעמען פון בוך, אָדער צונויפשטעלן קליינע ווערטערביכלעך, אָדער צוזוכן אידיאָמאטישע אויסדרוקן על פי שטיבווערטער אָדער טעמעס.

א) די אידיאָמאטישע אויסדרוקן וואָס מע טרעפט ביים לייענען לוינט זיך צו פארשרייבן אין א ווערטערביכל, ספעציעל פאר זיי. אזוי ווי אין פראָגראם פאר ג, גייען אריין א סך זאכן פון שלום-עליכמען און אויך פון אנדערע שרייבערס וואָס זייער שפראך איז פול מיט אידיאָמאטישע אויסדרוקן, וועט דאָס ווערטערביכל זיך באקומען א גאנץ שיינס און רייכס. דארטן וועלן זיין:

אויסשיסן מיט א געלעכטער, עסן מיט די אויגן, האָבן א גרויס מויל, נישט אראָפּלאָזן קיין אויג, האָבן זיבן גוטע יאָר, שארפט די ציין, קייען די ערד, האָבן פון פויגל-מילך, זיך נישט לאָזן שפייען אין קאַשע, שטיין אויף הי דערשע פיסלעך, זיך רייסן די האָר פון קאָפּ, זיך נעמען צום הארצן, אויפשטיין אויף דער לינקער זייט, נעמען אויפן צימבל, האקן אין קאָפּ און נאך א סך אנדערע.

ב) אזוי ווי אין ב זיך פארנעמען מיטן אויסזוכן די שטענדיקע פאַגלייכן (וואָס דאָס פאָלק האָט זיי געשאפן, נישט יחידים-קינסטלערס) זיך פארנעמען מיטן צונויפשטעלן קליינע טאבעלעס מיט פארגלייכן נאך אָדיעקטיווישע שטיבווערטער, למשל, צום שטיבוואָרט גרין: גרין ווי א וואָרעם, גרין ווי גראָז; צום שטיבוואָרט זיס: זיס ווי צוקער, ווי האָניק . אזוי אויך מיט די שטיבווערטער: גרויס, קליין, שווארץ, ווייס, רויט, ליכטיק, פינצטער, ביטער, שיין, מיאוס.

דאָס זעלביקע נאך שטיבווערטער-ווערבן: שפרינגען, לויפן, גיין, קריכן, ליגן, ברענען, לעבן.

ג) זיך פארנעמען מיט אידיאָמאטישע אויסדרוקן נאך שטיבווערטער נאך, למשל; פאַרן שטיבוואָרט קאָפּ: האקן אין קאָפּ, צולייגן קאָפּ, ארומגיין אָן א קאָפּ און אנדערע. פאַרן שטיבוואָרט הארץ: זיך נעמען צום הארצן, האָבן א הארץ אויף עמעצן, א מענטש אָן א הארץ און אנדערע. פאסיקע שטיבווערטער זיינען דאָ: קאָפּ, הארץ, אויגן, הענט, מויל, פיס, ציין, האָר, מענטש, ייד.

ד) זיך פארנעמען מיט אידיאָמאטישע אויסדרוקן על פי טעמעס, למשל. פאר דער טעמע שלאָפן: זיך אויסציען ווי א פריץ אויפשטיין אויף דער לינקער זייט שלאָפן ווי א מלך און אנדערע. פאסיקע טעמעס קענען זיין: עסן, ארבעטן שטיפן, מורא האָבן, הארצווייטאָג, פרייד.

ה) זיך פארנעמען מיט די שטענדיקע פאָרלעך, למשל: שער און אייזן, שטאָל און אייזן, קאלט און פינצטער, הונגער און קעלט, היץ און קעלט, בלוט און מילך, הימל און ערד, טאָג און נאכט, שטייט און גייט, גוט און פרום און אנדערע.

ה) פראָגראם פאר גראמאטישע און אנדערע שפראכלעכע גענייטונגען

1) פון געביט פון ווערבן:

א) בייגן ווערבן אין דער איצטיקער צייט, ערשטע און צווייטע קאָניוגאציע: איך גיי, איך הרגע;

ב) ווערבן מיט וואַלט, מיט פלעגן, מיט זאָל ער, זאָלן זיי:

ג) איבערחזרן די פריער געלערנטע ווערבן מיט זיין אין דער פאַר־גאַנגענער צייט און אויסלערנען: איך בין געפאַלן, איך בין געפאָרן, איך בין געבליבן, איך בין געקראָכן, איך בין געשפּרונגען, איך בין געשוואומען (פאַרשטייט זיך פאַר אַלע פּערזאָנען);

ד) צו פאַרן אינפיניטיוו אַכטונג געבן אויפן אָרט פון צו: גרייט צו אַנטלויפן, גרייט אַרויסצולויפן.

ה) דער פּאַרטיציפּ מיט ־ט און ־ן (ען). זיך שאַפן אַ רשימה ווערבן, וואָס האָבן זיך געטראָפן אין די פאַרשיידענע געניטונגען און וואָס זייער פּאַרטיציפּ ענדיקט זיך אויף ־ן: געטראָפן, געבליבן, געפאָרן אאז״וו.

2) פון געביט פון סובסטאַנטיוון:

א) מערצאָל. די ענדונגען ־ים און ־ות (שכנים, חלות, שבטים, שופטים, קצבים, קרבנות, נצחונות, נביאים, ממלות, מלכים און אַזוי ווייטער פון דעם וואָקאַבולאַר פאַר ג); די ענדונג ־עס: אָרענדאַרעס.

ב) מין. ווייבלעכע פאָרם פון סובסטאַנטיוון מיט דער ענדונג ־ה און ־טע: שכן – שכנה, חכם – חכמה, חבר – חברטע, שכן – שכנטע.

אינפיניטיוון, וואָס ווערן גענוצט ווי סובסטאַנטיוון, געהערן צום מיטלען מין: דאָס גיין, דאָס טאַנצן, דאָס שפּרינגען.

סובסטאַנטיוון פון ווערבן אָן שום ענדונג – געהערן צום מענלעכן מין: גיין – דער גאַנג, שפּרינגען – דער שפּרונג, טאַנצן – דער טאַנץ.

ווערטער פון העבּרעאיש, וואָס ענדיקן זיך ניט אויף ־ה און ־ות, געהערן צום מענלעכן מין: דער מדבר, דער חשבון, דער חירוץ, דער צער, דער עסק, אאז״וו.

ג) אַקוזאַטיוו פון נעמען באַקומען די ענדונג ־ן (־ען): אַט איז שרהלע, איך זע שרהלען, אַקוזאַטיוו פון די ווערטער: טאַטע, זיידע, ייד, מענטש.

ד) פאַרגלייכן אַקוזאַטיוו מיט נאָמינאַטיוו: דער ברודער איז אָריינגע־קומען – איך זע דעם ברודער; די שוועסטער איז גוט צו מיר – איך האָב ליב די שוועסטער; דאָס קינד איז געפאַלן – איך האָב אויפגעהויבן דאָס קינד.

3) פון געביט פון אַדיעקטיוון:

א) נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו פון סובסטאַנטיוון און אַדיעקטיוון: דער עלטערער ברודער איז געקומען – איך זע דעם עלטערן ברודער; די יינגערע שוועסטער איז גוט צו מיר – איך האָב ליב די יינגערע שוועסטער; דאָס קליינע קינד איז געפאַלן – איך האָב אויפגעהויבן דאָס קליינע קינד.

ב) פאַרגלייכגראַדן, די ענדונגען, די פּרעפּאָזיציעס נאָך די פאַר־גלייכגראַדן.

4) פון פאַרבינדווערטער:

א) די פּרעפּאָזיציעס: ביי (רייד ניט ביים לערנען, ביי מיר ביסטו

שײן און אנדערע); מיט (א מענטש מיט א בערול, א זאל מיט ביכער און אנדערע) אויף (איך װאַרט אויף דיר, מיר האָפֿן אויף בעסערע צײַטן); פאַר (קעמפֿן פאַר בעסערע שכירות, אַרבעטן פאַר א הונגערלוין); קעגן (קעמפֿן קעגן אונטערדריקער); פון (פון װאָס איז דאָס געמאַכט? פון אָנהײב ביזן סוף); נאָך (טאָג נאָך טאָג, זיך יאָגן נאָך אים)

ב) די קאָניונקציעס: כאָטש, אויב, אזוי - אז, בשעת, ביז.

5) פון װערטערסדר:

א) װערטער־סדר אין פרעגזאַץ (ער גײט אהײם - גײט ער אהײם?)

ב) אָרט פון צײַטבאַשטימונג (נעכטן בין איך געקומען אין שול)

ג) פאַרפעסטיקן דעם כלל װעגן דעם אז דער בײגיקער טײל פון פרעדיקאַט מוז קומען אויפן צװײטן אָרט.

6) פון װאָרטשאַפונג

א) סדר־צאָלן און זײערע ענדונגען, ברוכצאָלן (פינפטל - פינפטל, צװאַנציקסטער - צװאַנציקסטל)

ב) די װערבאַלע פרעפיקסן: באַ־, פאַר־, צע־ (באַװײזן, באַשטימען, באַהאַלטן; פאַרלענגערן, פאַרהאַלטן, פאַרמשפטן, צעװײטיקט, צעקלעמט און צעשראָקן)

ג) .די װערבאַלע צוגאַבן: צו־ (צוזאָגן, צוקומען, צוהאַלטן, צוגײן, צונעמען); אויס־ און ארויס־ (אויסגײן, אויסקעמפֿן, אויסהאַלטן; ארויסגײן, ארויסטראָגן, ארויסיאָגן); אויף־ און ארויף־ (אויפֿגײן, אויפֿנעמען, אויפֿשטײן; ארויפֿגײן, ארויפֿנעמען, ארויפֿשטעלן) איבער־ און אריבער־ (איבערגײן - אריבערגײן)

אויסנוצן בײ די אַרבעטן אזעלכע שטעלן אַן ערך: „מיר צײלן און צײלן און קאָנען ניט איבערצײלן; „מיר רעכענען און רעכענען און קאָנען ניט אויסרעכענען" (שלום־עליכם „חנוכה־געלט")

ד) אַרבעטן איבער װערטער־משפחות.

7) פאַר שפּראַך־פאַרײכערונג:

געניטונגען ריכטיק צו נוצן די װערטער: אַװדאי, בשום אופן, הלװאי, פשוט, דער עיקר, ס'רוב, טאַקע, מילא.

8) פאַר שפּראַך־רײניקונג:

א) זיך געניטן אין באַנוצן די טאָבעלע פאַרנײנונג (איך האָב ניט קײן בוך, איך האָב ניט קײן ביכער, אָבער מע דאַרף ניט קײן פאַרן באַשטימטן אַרטיקל. איך האָב ניט דאָס בוך);

צײַט

ב) זיך געניטן צו באַנוצן אַן אקוזאַטיװ פאַר באַשטימונג (דעם גאַנצן טאָג האָב איך געאַרבעט, זומער איז הײס, געװאַרט א לאַנגע צײַט, געבויט דרײ חדשים - ליגן ספּעציעל אכט אָפּצוגעװאוינען פון פאַרשפּרײטן גרײַז - „פאַר דרײ חדשים" און ענלעכע)

ג) אויסדרוקן אַן פון (לגבי דעם ענגלישן of): ספּעציעל די אָפּטע און גרינגע פאַלן: א גלעזל טײ, א פונט צוקער, א טעפּעלע קאַװע, א

א סך קינדער ( ניט „פול פון די קינדער") און אנדערע פון דעם מין.

ד) אויסמײַדן דען נאָכן קאָמפּאַראַטיוו (איבער דעם ענגלישן than ) גרעסער ווי ער.

ה) בײַ צאָלווערטער אויסמײַדן אן איבעריקן „איין"

הונדערט - ניט „איין הונדערט", טויזנט - ניט „איין טויזנט".

ו) אויסמײַדן „דענקען", ווען עס דאַרף זײַן: מײנען, רעכענען, טראַכטן, קלערן, האָבן אין זינען.

ז) אויסמײַדן „גלייבן", ווען עס דאַרף זײַן: געפעלן, ליב האָבן, איך וויל.

ח) אויסמײַדן „גיין טאָן", ווען עס דאַרף זײַן: וויל טאָן, קלײַבּ זיך צו טאָן.

ו) אויסלייג-פּראָגראַם פאַר „ג"

1) אויסלייג פון ענדונגען:

א) -ים, -ות פון מערצאָל (שכנים, מלבוּת)

ב) -ה צו שאַפן ווײַבלעכע נעמען (שכנה, חכמה)

ג) -סטער, די ענדונג פון סופּערלאַטיוו, קומט שטענדיק צוגעשטעלט צום שטאַם פון אַדיעקטיוו: דער נאַרישסטער, דער בײזסטער. אָבער דער זיסטער, כדי עס זאָלן זיך ניט טרעפן אַלצאַיינע אותיות אין דער ענדונג פון א וואָרט.

2) אויסלייג פון פּאַרטראַפּן פון פּרעפּאָזיציעס:

א) אויסלייג באַ- , פאַר- אין ווערבן (באַווייזן, פאַרגעסן):

ב) צע-, צו און צי (צעגיין, צוגיין, צי גייסטו?)

ג) לערנען אויסלייגן אַלע פּרעפּאָזיציעס און פּאַרטראַפּן, וואָס מען האָט צו טאָן מיט זיי בײַ פאַרשיידענע געניטונגען.

3) זיך מערקן, אז מע שרייבט אַלצאַיינע אותיות, אויב דער פּאַר-טראַף ענדיקט זיך און דער שטאַם הייבט זיך אָן מיטן זעלביקן אות:

אָננעמען, פאַרריכטן, ארזיפפליען, איבעררייסן.

4) א וואָרט וואָס שטאַמט פון העברעאיש קען זיך ניט אָנהייבן מיט קיין ב און מוז זיך אָנהייבן מיט א ח: חדר, חזרן, חלשן, חרטה, חוצפה, חרוב, חשוב, חשבון, חוב, חבר, הסרון.

5) זיך מערקן אַזעלכע באַזונדערקייטן אין אויסלייג פון ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעאיש:

א) אות, כוס, סוף, קול, דור, סוד (געשריבן ווי געלייענט אָ);

ב) מחיה, יחוס, יחסן, בן־יחיד, בת־יחידה (ח אין מיטן וואָרט);

ג) רב, דאָס רוב, קצב, נדבה, גביר, חבר, שבט (ב אין מיטן און סוף וואָרט);

ד) (זיך מערקן די פאַרשײדענע ענדונגען פון די ווערטער); מציאה, קינאה; שבועה, דעה; רבי, כלי; מטבע, משוגע, רגע, רשע; אחדזי.
ה) כעס, כישוף, כלי, כבוד (כ אָנהײב וואָרט)
6) זיך מערקן דעם אויסלײג פון די אַנדערע ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעאיש און וואָס קומען אַרײַן אין וואָקאַבולאַר פאַר ג.

7) ע פאַר ן קומט, וואו מע הערט דעם ע, און הערן הערט מען דעם ע.

א) אין דער מערצאָל־ענדונג נאָך נג און נק: שלאַנגען, געדאַנקען;

ב) אין ווערבן נאָך נג און נק: שפּרינגען, מיר שפּרינגען; טרינקען, מיר טרינקען;

ג) ווען ע קומט אין אַלע פּערזאָנען פון ווערב: איך האָרעווע, מיר האָרעווען.

## פּראָגראַם פאַר „ד" און „ה"

### א) א פּאָר פאָרבאַמערקונגען

אין אָנהייב, ביים באַשטימען די צילן צו וועלכע מע שטרעבט אין דעם יידיש־לימוד, איז שוין געווען אָנגעוויזן, וויפל דאָס קינד דאַרף קענען ביים ענדיקן אונדזער עלעמענטאַר־שול; בכן דאַרף מען עס דאָ ניט איבערחזרן.

אלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן די באַזונדערקייטן און שוועריקייטן פון פּראָיעקט פאַר דער פּראָגראַם פון ג האָט א שייכות צו דער פּראָגראַם פאַר ד־ה.

אין ד־ה דאַרף מען זיך מיען דורכצולייענען אַן ערך 100,000 ווערטער, אריינגערעכנט אַלע מינים לייענען (דאָס שטילע לייענען, דאָס זעלבשטענדיקע לייענען פון גרינגע, פאַר דער עלעמענטאַר־שול צוגעפּאַסטע טעקסטן). מע דאַרף לערנען אויסווייניק א 10־12 לידער. שרייבן מינימום א 25־30 קאָמפּאָזיציעס, אָפטע אינדיווידועלע מינדלעכע קאָמפּאָזיציעס.

זען די דערקלערונגען צו די באַזונדערע טיילן פון פּראָגראַם פאַר ג, ווייל זיי האָבן א שייכות אויך צו אַלע ענינים אין ד־ה.

### ב) פּראָיעקט פאַר פּראָגראַם פון ליטעראַטור פאַר „ד־ה"

צום טייל קען מען זיך באַנוצן מיט „אונדזער וואָרט" פון ז.יעפּרויקין און ח.בעז. דאָס אַנדערע וואָס ווערט ווייטער אָנגעוויזן און אין טעקסטבוך איז עס ניטאָ וועט אויסקומען דער עיקר פאָרצולייענען פאַרן קלאַס. בכלל, קומט אויס דעם לערער פאָרצולייענען אַלע יענע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען פאַרן קלאַס שווער אליין צו לייענען.

עס ווערט באַטראַכט ווי זייער וויכטיק דאָס ביסלעכווייז פאָרלייענען גאַנצע ווערק. פאַר קלאַס ד־ה זיינען די פּאַסיקסטע: שלום אש „קיין אַמעריקע"; געוויסע אויסצוגן פון ראַבאַיס „איז געקומען א ייד קיין אַמעריקע"; א פּאָר שטעלן פון י.י.שוואַרצעס „קענטאָקי"; שלום אש „קידוש השם" (געקירצט און ביים פאָרלייענען פאַרגרינגערן די שפּראַך).

דאָס איבעריקע ווערט דאָ ווייטער איבערגערעכנט נאָך די טעמעס נאָך:

1) ארבעט און נויט. ש.פרוג: „דאָס ליד פון ארבעט"
ז.וויינפער: „די קאָסע און דער סערפּ".
מאָרים ראָזנפעלד: „דער בלייכער אַפּרייטער".
„דער אלטער שניידער"
מ.ל.האַלפּערן: „אין גאָלדענעם לאַנד"
פּ.ביאַלאָסטאָצקי: „אין דעם לאַגער פון די אָרעמע".
ז.וויינפער: „שניקערער"
נפתלי גראָס: „איטאַליענער"
י.אדלער: „אין ברעדלאַין".
ר.אייזלאַנד: „פון אַלע טעג"
י.אַפּאַטאָשו: „די מאַשין"
ז.ליבין: „א מאַנטל", „א פּיקניק", „ווען פון זיי?", „מענדלס חלום".

--------

אברהם רייזען: „צום העמערל", „דער סטאָליער". ש.אַנסקי: „דער שניידער"

---------------

באטראכטן די פראָבלעם קינדער־ארבעט.

אפרים אויערבאך „שאַין, אַ שאַין"
יונה ראָזנפעלד: „דער גנב"
אברהם רייזען: „רײזעלע", „דער קראנקער פינגער".
שלום אש: „אין דער לערע"

2) אומגליקלעכקייט (אָרעמע און רייך, שווארץ און ווײס):
י.אפאטאשו: „געלעכערטע הויזן"
י.ל.פרץ: „צווײ ברידער"
---------

י.אפאטאשו: „לינטשערײ" (געקירצט)
משה שיפרים: „דאָס ליד פון שווארצן שוכפוצער"

3) מלחמה
אברהם רייזען: „איזאַאַק צום קריג דער מלך"
ש.דאָסין: „מע טרײבט"
ב.י.ביאלאָסטאָצקי: „דרײ סאָלדאטן".
אברהם רייזען: „דעם ברודערס קוילן"
י.פרידמאן: „בײנאכט", „און אויפלענדער איז ביליק", „נאָכווײען פון דער מלחמה".

4) קאמף

דער אינטערנאציאָנאל
דוד עדעלשטאט: „וואכט אויף", „אין קאמף"
אברהם רייזען: „די וואנט", „משה"
י.טלאָנים: „ארבעטער־ברידער"
א.לעיעלעס: „א פשוטע מעשה"
י.אפאטאשו: „א דעמאָנסטראציע"
י.ל.פרץ: „באָנטשע שווײג" (געקירצט, פאראײנפאכט)
----------

ז.סעגאלאָוויטש: „דער ערשטער מאי"
ש.לעווין: „דער ערשטער מאי"
ב.ווײנשטײן: „ערשטער־מאי־פאראד אין יאָר 1886".

5) רעוואָלוציאָנערן און מארטירער

אברהם ליעסין: „הירש לעקערט"
ה.ד.נאָמבערג: „וויגליד"
ה.לייוויק: „אויף די וועגן סיבירער"
גרשוני: „ווי איך בין אנטלאפן פון סיביר".
י.פאט: „איבער נאכט גרוי געוואָרן"
ב.ווײנשטײן: „די שיקאגער מארטירער"
נפתלי גראָס: „דאָס ליד פון סאקאָ און וואנזעטי"
מוטער דזשאָנס: „א מארש פון ארבעטער־קינדער"
(דערבײ דערצײלן מוטער דזשאָנס ביאָגראפיע)
-------

מארקסן ביאָגראפיע אויסנוצן פון „אונדזער וואָרט" (זז' 229-235).
לאסאלס ביאָגראפיע. י.ב.בײלין: „די יוגנט פון א רעוואָלוציאָנער".

6) ייד און נאַטור

א) פרידלעכע באַציאונגען:
שלום אש: „מענטשן און געטער" (געקירצט)
ח.נ.ביאַליק: „נח און מאַרינקע".
א.רייזען: „פּאַרשפּעקטיקס"

ב) רדיפות, בילבולים, פאָגראָמען:

ח.נ.ביאַליק: „פון דער שחיטה-שטאָט" (א פראַגמענט בלויז)
דוד אײנהאָרן: "(עלילת דם" (געקירצט)
שלום אש: „טשודנאָוו"
דערציילן וועגן: תח ותט, דאָס יאָר 1919, די היטלער-רדיפות אויף יידן.

7) דאָס יידישע לעבן און ספּעציעל דאָס יידישע קינד אמאָל

מענדעלע-מוכר-ספרים: „הערשעלע" (פון „ווינטשפינגערל")
שלום-עליכם: „גזלנים"
אברהם רייזען: "די נײַע לאַטע", „אַהײ פרידערלעך" „דער בוים" (געקירצט און פאַראײנפאַכט)
פּרץ הירשביין: „מײַן ר' מאַטיס", „תורה און געפּיקטע באַנקעס".
י.קאַפּעלאָוו: „מײַן רבי און זײַן באַהעלפער"
מ. קאַצאָוויטש: „ישיבה-יאָרן"

8) דער עמיגראַנט, דער אַמעריקאַנער ייד

בילדער פון אויסוואַנדערונג. צרות פון עמיגראַנט . צרות פון דעם גרינעם. דער „סוועטשאָפּ". די ערשטע אָרגאַניזירטקייט און ערשטע סטרײַקס. דאָס שטײַגן פון יידישן קיבוץ אין אַמעריקע.

דערצו אויסנוצן: „מאָטל דעם חזנס", „קיין אַמעריקע", „אַנקל מאָזעס", „איז געקומען אין ייד קיין אַמעריקע", „הער גאָלדנבאַרג", „די מוטער", „קענטאַקי" (זיך דערמאָנען וואָס מע האָט פאַרגעלייענט. פאָרלייענען פון די ווערק געוויסע אויסצוגן וואָס פּאַסן זיך צום בעסטן פאַר די דערמאָנטע טעמעס.

9) דאָס איצטיקע יידישע לעבן איבער דער וועלט

יידן אין פּוילן. יידן אין ראַטן-פאַרבאַנד. יידן אין ארץ-ישראל. יידן אין די פאַרשיידענע וויטע לענדער. דער אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם. יידישע פּליטים און יידישע ליידן.

מאַטעריאַלן דערצו קומט אויס צו נעמען דער עיקר פון צײַטונגען און צײַטשריפטן. מע קען נאָך דערווײַל ניט אָנווײַזן אויף קיין אזוי צו זאָגן סטאַנדאַריזירטע ליין-מאַטעריאַלן פאַר אָט דער גוואַלדיק וויכטיקער טעמע. מע וועט עס קענען אײַנשטעלן ערשט נאָך א קאָלעקטיווער לערערישער דערפאַרונג.

10) מעשיות און לעגענדעס

י.ל.פּרץ: „אויב נישט נאָך העכער"
י.ל.פּרץ: „בײַם גוטם צוקאָפּנס" (פאַראײנפאַכט)
שלום אש: „דער געפאַנגענער רב פון ראָטנבורג"
ש.פרוג: „דער בעכער"
נפתלי גראָס: „יאָסל קלעזמער ראַטעוועט מיט זײַן שפּילן דעם אַרענדאַר"

פאָלקס־מעשׂיות: י.ל.כּהן: „דער שטריק־דרייער"; מעשׂיות וועגן בעלעמער, וועגן מאטקע חבד, וועגן הערשל אָסטראָפּאָלער.

11) יידישע שרייבערס:

א) מענדעלע־מוכר־ספרים. זיין ביאָגראַפיע. ווי ווייט מען קלאָר מאַכן זיין אויפטו.

ב) שלום־עליכם. זיך דערמאָנען וואָס מען האָט געלערנט זיינס. כאַראַקטעריזירן שלום־עליכמען דעם שרייבער.

ג) י.ל.פּרץ. זיך דערמאָנען וואָס מען האָט געלערנט זיינס. כאַראַקטעריזירן י.ל.פּרצן דעם דערציילער.

ד) שלום אַש: זיך דערמאָנען וועגן די דערציילונגען און ווערק וואָס די קינדער האָבן שוין געלערנט פון שלום אַשן. פּרוּוון כאַראַקטעריזירן שלום אַשן דעם שרייבער.

ה) אברהם רייזען. ליינען „מיינע ערשטע האָנאָראַרן". זיך דערמאָנען א.רייזענס דערציילונגען און לידער וואָס מען האָט געלערנט. כאַראַקטעריזירן אברהם רייזענען דעם שרייבער.

ג) שמועס און קאָמפּאָזיציע פאַר „ד־ה"

1) דערקלערונג

ביים ענדיקן די עלעמענטאַר־שול דאַרף דאָס קינד קענען הן מינדלעך הן שריפטלעך איבערגעבן וועגן ענינים, וואָס עס איז אים אויסגעקומען צו לערנען און צו ריידן, אין א געבונדער פאָרם פון א קאָמפּאָזיציע, וואָס אַנטהאַלט פון הונדערט ביז הונדערט פופציק ווערטער. כּדי דאָס צו דערגרייכן קומט אויס אויך אין ד־ה צו לייגן גרויס אַכט אויף שמועס און קאָמפּאָזיציע.

די קאָלעקטיווע קאָמפּאָזיציע פאַרבלייבט אין ד־ה דער עיקר ביים באַטראַכטן אַזעלכע טעמעס וואָס ווייזן זיך אַרויס צו זיין שווערלעך פאַרן קלאַס. דעם הויפּט אָרט אָבער פאַרנעמען דאָ די אינדיווידועלע קאָמפּאָזיציעס.

עס קומט אויס אין די לעצטע קלאַסן עלעמענטאַר־שול זיך אָבצושטעלן אויפן אויפבוי פון דער קאָמפּאָזיציע. אָבער מע זאָל ניט פאַרטן קיין סך צייט אויף דעם און זען אויסצונוצן די ידיעות און די רגילותן וואָס די קינדער האָבן פון דער ענגלישער שול. עס קומט אויך אויס (ספּעציעל ביים אָפּגעבן די פאַרריכטע אַרבעטן) אָנצואווייזן אויף די גוטע און שלעכטע איינגעשאַפטן פון דעם תלמידס סטיל.

אין דער וויטערדיקער רשימה טעמעס פאַר ד־ה אין אין גאַנצן רורכגעלאָזן אַלץ וואָס האָט א שייכות צו די טעמעס: „שול", „היים", „מיין טאָג", „געשעעניש", „די גאַס" און אַנדערע, וואָס פאָדערן דעם קינדס לעבן און זיין אַרום. אַלע טעמעס פאַר ג און אפילו פאַר די יינגערע קלאַסן קענען זיך פּאַסן פאַר ד. אפילו די קינדישע טעמעס קענען דאָ געמאָלט זיין, אמת אין פאָרם פון זכרונות. דאָ זיינען געגעבן נאָר טעמעס פאַר שמועס און קאָמפּאָזיציע פון יענע געביטן וואָס רירן אָן אונדזערע איינשטעלונגען און צילן. אַלע טעמעס האָבן דאָ א געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און זיי זיינען פאָרמולירט א סך אַבסטראַקטער און אַלגעמיינער ווי פאַרן ג. אויב די פאָרמולירונג פון דער טעמע איז דאָ ניט שטענדיק גענוג קאָנקרעט, דאַרף דער

לערער פון דער ברייטער און אלגעמיינער טעמע ארויסנעמען פאר דער קאמפאזיציע א שמעלערע און א קאנקרעטערע טעמע. די מערהייט פארמולירונגען ווייטער האבן אין זינען טעמעס פאר שמועס. די קאמפאזיציע וואס וועט ארויסוואקסן פון דעם שמועס וועט בדרך כלל האבן אפילו א קאנקרעטערן נאמען.

אין דער רשימה טעמעס קען מען געפינען ענינים וואס מע באריר ט זיי ניט בלויז ביים פונאנדערקלייבן לידער אדער דערציילונגען, נאר אויך וואס מע מוז בארירן ביים ריידן וועגן טאגנייס, ביים לערנען ביאגראפיעס. אבער א טעמע פאר א קאמפאזיציע קען ארויסוואקסן פון יעדער מין שמועס, ביים לערנען געשיכטע ווי ביים לערנען א ליד, ביים לערנען א דערציילונג ווי ביים ריידן וועגן א לעצטער פאסירונג.

און צינד זאל מען נאך נעמען אין באטראכט אלע פריערדיקע אנווייזן און דערקלערונגען בשייכות מיט שמועס און קאמפאזיציע.

2) <u>טעמעס פאר שמועס און קאמפאזיציע אין „ד-ה"</u>

<u>ארבעט</u>. א לויב און געזאנג דער מי און דער ארבעטער. געבענטשט זאלן זיין די הענט וואס ארבעטן. די וועלט האלט זיך אויף ארבעט. וואס עס טוט אויף די מענטשלעכע ארבעט.

וויפל מענטשלעכע ארבעט עס שטעקט אין א הויז (אין א קלייד, א בוך). וואס עס דערציילט א בערגעלע שווארצע קוילן. דער פויער אויפן פעלד. דער פיאנער. דער מינען-ארבעטער. אויף ארבעט די גאנצע נאכט. מויערער, פאר וועמען בויסטו? ביים פייער. א גאנצן טאג אויפן ווינט. די ארבעט פון א מאטראס. ווי אזוי דער קרעמער הארעוועט. איינגעבויגן איבער דער מאשין. וואס דער האמער דערציילט. ווען די קאסע האט זיך צעזונגען. די מיידל ביים טעלעפאן. דער ארבעטער מיטן ווייטן קאלנער.

„איך ניי און ניי - וואס קומט ארויס איך ניי?" (פרץ) הארעווע, מיידעלע, וועסטו האבן א קליידעלע. „טרערן און שווייס זיינען ברילייאנטן" (פרץ) פארשקלאפט ביי דער מאשין. פרייוויליקע ארבעט און געצוואונגענע ארבעט. פרייד פון ארבעט. פיין פון ארבעט. מאכט טאקע ארבעט זיס אונדזער לעבן? ווי מאכט מען, אז ארבעט זאל זיין א פרייד? ארבעט און הארעוואניע. הענט וואס ארבעטן. טייערע הענט.

דעם ארבעטערס טאג. מע לויפט צו דער ארבעט. אין סאבוויי אין דער פרי. די מורא פארן זייגער אין קאפ: דער עולם ביימט אויף גיך צו. זיך ווידער געשטופט פארנדיק אהיים: צו פארמאטערט צו קענען לייענען. דער ארבעטער אויף דער עלטער. א שמועס מיט אן אלטן ארבעטער.

די מאשין - דעם מענטשנס פריינד. ווען די מאשין ווערט דעם ארבעטער א שונא. מענטש און מאשין בעת דער ארבעט. שטאלץ מיט דער מאשין.

ארבעטער און לוין. ווען מען ווארט אויפן קאנווערט מיט די שכירות. געשניטן די שכירות. ארויס אין סטרייק. וואס דער טאטע דערציילט ווי אזוי מען האט באשלאסן צו סטרייקן. א צעשלאגענער פיקעט. עס איז ניט געווען אזוי פשוט צו געווינען דעם סטרייק. דער סטרייק האט זיך פארצויגן צו לאנג. דורכגעקומען אן א סטרייק. א בריוו פון א סטרייקער צו זיינעם א חבר אין אן אנדער שטאט.

פאר וואס זיינען דא ארבעטלאזע? „אין א לאנד פון גאלד און ברויט און ווייץ זאלן הונגעריקע זיין?" (אלדער) וואס טוט מען צו באקעמפן ארבעטלאזיקייט. מיין טאטע ארבעט אין „דאבל-יו-פי-עי". אין דער היים פון אן ארבעטלאזן. אן ארבעטלאזער רעדט זיך אויס דאס הארץ.

קינדער־ארבעט . ווען ארבעטן קינדער? פאר וואס טויג ניט אז קינדער ארבעטן? ווער איז קעגן און ווער איז פאר קינדער־ארבעט? דער קאמף קעגן קינדער־ארבעט אין אמעריקע.

א טאגבוך פון א קינד וואס ארבעט. פאר וואס האט מיין חבר געמוזט זיך נעמען צו אן ארבעט. עס דוכט זיך נאר אוים אז ער האט גרינגע ארבעט. איך האב שוין געארבעט. מיין ערשטער פארדינסט. סוף וואך אין א פרובטקראם. א בריוו פון א קינד וואס ארבעט צו זיינעם א חבר. זי פאסט אויף אויף קליינע קינדערלעך.

קינדער־ארבעט אמאל. קינדער־ארבעט אין דעם קליינעם שטעטל. די לערן־יינגלעך ביי די בעלי־מלאכות. די יונגע דינסטמיידלעך.

אומגליקלעכקייט. ארעם און רייך. באלעבאס און ארבעטער. שווארץ און ווייס. מענטשן וואס ארבעטן ניט. דער טאג פון א ליידיקגייער. ווער עס ארבעט ניט דער זאל אויך ניט עסן. פארשקלאפט ביים באלעבאס. ווען די נויט לאזט ניט אויפהייבן דעם קאפ.

זיינען אלע באמת גלייך אין אמעריקע? רעכט אויפן פאפיר און רעכט אין לעבן. דער אידעאל פון גלייכהייט.

די יחסנים. די פיר הונדערט. וואס האב איך געליענט וועגן לעבן פון די רייכע. וואו איז יושר? א מענטש זאגט, ער איז הונגעריק. דער זאטער קען ניט פארשטיין דעם הונגעריקן.

מלחמה . ווער האט נוצן פון א מלחמה. וויפל האט אפגעקאסט די וועלט־מלחמה. פאר וואס קומען פאר מלחמות? די איצטיקע מלחמה־געפאר. די וועלט באוואפנט זיך. פאשיזם באטייט מלחמה. א רעדע קעגן מלחמה. ווער קעמפט שטענדיק קעגן מלחמה. דער ארבעטער און מלחמה. די העלדן פון קאמף קעגן מלחמה. זאל אמעריקע נעמען אן אנטייל אין דער קומענדיקער מלחמה?

שרעקן פון מלחמה. שרעקן פון שלאכטפעלד. א בריוו פון א סאלדאט (פון די פאדערשטע פאזיציעס, פון שפיטאל, פון געפאנגענשאפט). א טאג־בוך פון א סאלדאטן (אויף די פאדערשטע פאזיציעס, אין שפיטאל, נאכן אנטלויפן פון פראנט). מיין טאטע (פעטער, באקאנטער) דערציילט וועגן דער וועלט־מלחמה.

יידן אין דער צייט פון א וועלט־מלחמה. עס טרעפן אלע מאל דעם ברודערס קוילן.

קאמף מער יושר ווי עס איז איצטן וואסערע טענות האב איך צו דער איצטיקער געזעלשאפט. איך בין גרייט צו קעמפן פאר א בעסערער וועלט.

צו וואס קומען פאר ארבעטער־דעמאנסטראציעס? א צוזאמענשטויס בעת א דעמאנסטראציע. איך האב גענומען אן אנטייל אין דער גרויסער דעמאנ־סטראציע.

ווי אזוי ארבעטער פארטיידיקן זייער רעכט. דער קאמף פאר ווייניקער ארבעט־שעהן און מער שכירות. צו וואס דארף מען זיין א מיטגליד אין א פראפעסיאנעלן פאראיין? ווי אזוי דער ארבעטער ווערט א גרויסער כוח אין לאנד. פאר וואס דארף זיין אייניקייט ביי ארבעטער? די לעיבאר־פארטיי. די „פעדעריישאן או לעיבאר“ און „סי־איי־או“. ווי דארף מען ארגאניזירן ארבעטער: לויט פאכן אדער לויט אינדוסטריעס? ווען אלע ארבעטער וואלטן

געװען געאײניקט! װאָס װײס איך װעגן אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. מײַן טאַטע איז אַ מיטגליד אין...... װאָס האָבן די ייִדישע אַרבעטער אױפגעטאָן אין אָרגאַניזירן זיך. די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראײַנעמיט אַ סך ייִדישע אַרבעטער.

דער זינען פֿון דעם ערשטן מאַי. דער ערשטער מאַי אַמאָל. װאָס איך האָב געהערט דערצײלן װעגן ערשטן מאַי אַמאָל. דער ערשטער מאַי אין אונדזער שטאָט. דער ערשטער מאַי אין דעמאָקראַטישע און פֿאַשיסטישע לענדער.

די שיקאַגער מאַרטירער. סאַקאָ און װאַנזעטי. די קרבנות פֿון די איצטיקע אַרבעטער־קאַמפּן. 22 יאָר פֿון טאָם מוניס לעבן.

אַמאָליקע רעװאָלוציאָנערן אין רוסלאַנד. די העלדישקײטן פֿון אַן אַמאָליקן רעװאָלוציאָנער. װי אַזױ איז הירש לעקערט געװאָרן אַ העלד. אַ טאָגבוך פֿון אַ רעװאָלוציאָנער. בריװ פֿון רעװאָלוציאָנערן. װאָס האָט אונדז דערצײלט אַן אַלטער רעװאָלוציאָנער.

צוריקגעקומענע פֿון שפּאַניע דערצײלן. אין אַ נאַציסן קאָנצענטראַציע־לאַגער. געהײמע אַרבעט אין אַ פֿאַשיסטישן לאַנד.

<u>ייִד און ניט־ייִד</u> אַמעריקע - מײַן לאַנד, ייִדן - מײַן פֿאָלק. איך בין שטאָלץ מיט דעם װאָס איך בין אַ ייִד (װאָס איך קען ייִדיש). ייִדיש דאַרף בלײַבן די שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק. ייִדן דאַרפֿן אומעטום האָבן גלײַכע רעכט. װי דאַרף זײַן די באַציאונג צװישן ייִד און ניט־ייִד? איך האָב אַ ניט־ייִדישן חבר. װאָס דאַרף מען טאָן, עס זאָל ניט זײַן קײן אַנטיסעמיטיזם? דאַרף מען דערצו װערן אױס ייִדן? אַן אָנשטענדיקער מענטש קען ניט זײַן קײן אַנטיסעמיט.

די אַמאָליקע בילבולים אױף ייִדן. דער שרעקלעכער בלוט־בילבול. ייִדישע מאַרטירערס זײַנען געװען גרױסע העלדן.

דער גױ אין קלײנעם ייִדישן שטעטל. דער גױ, דער פּױער, און דער ייִדישער קרעמער. די פֿרײַנדלעכע באַציאונגען צװישן גױ און ייִד.

װען איך לײען װעגן אַ פּאָגראָם אױף ייִדן. פּאָגראָם און זעלבשוץ. איך װאָלט געװען אין זעלבשוץ. היטלערס פּאָגראָמען. היטלערס אַריער־פּאַראַגראַף. אין אַ „פּיקעט־לײַן" פֿאַר אַ געשעפֿט װאָס האַנדלט מיט נאַצי־סחורות.

אַלע מענטשן זײַנען ברידער. דער אידעאַל פֿון די ייִדישע נביאים.

<u>דאָס ייִדישע לעבן אַמאָל</u>. װאָס הײסט עס די אַלטע הײם? דאָס אַמאָליקע קלײנע שטעטל אין מזרח־אײראָפּע. דער זײדע (די מאַמע) דערצײלט מיר װעגן זײַן (איר) שטעטל. אַ מעשה װאָס די מאַמע האָט דערצײלט פֿון אירע קינדער־יאָרן. איך װאָלט געװאָלט זען דאָס קלײנע שטעטל פֿון מײַן מאַמען.

פֿון װאָס האָבן ייִדן געלעבט אין אַ קלײנעם שטעטל אַמאָל? פֿאַר װאָס זײַנען ייִדן געװען אַזױ אָרעם? מיט װאָס האָבן ייִדן געהאַנדלט? װי האָבן געלעבט די ייִדישע בעלי־מלאכות? ייִדישע אַרבעטער אין די קלײנע שטעטלעך.

אָרעם און רײַך אין אַן אַמאָליקן שטעטל. דער גביר פֿון שטעטל. די יחסנים (די אָרעמע לײַט פֿון שטעטל.

די אַמאָליקע פֿרומקײט. דער רב. דער בית־מדרש. דער ייִדישער יום־טוב אין אַ קלײנעם שטעטל. אַ שׂרפֿה אין אַ שטעטל. אַ נײַע גזרה אױף ייִדן. אַן אַמאָליקע ייִדישע שׂמחה (אַ חתונה, אַ ברית, פּורים צו דער סעודה, פּסח בײַם סדר). דער טומלדיקער פֿאַר־פּסח.

די גאַטספֿריינדלעכקייט פֿון אַמאָל. אַלע זיינען געווען ווי איין גרויסע פֿאַמיליע. דער למדן אין דעם שטעטל. פֿאַר וואָס איז געווען א שלעכטע באַציאונג צו אַרבעט? דאָס שטעטל האָט געלעבט אָפּגעריסן פֿון דער וועלט.

דאָס ייִדישע קינד אַמאָל. ווי האָט אויסגעזען אַן אַמאָליקער חדר. ווי האָט אויסגעזען א רבי. דער באַהעלפֿער. א טאָג פֿון א חדר־ייִנגל. שטיפֿערייען פֿון חדר־ייִנגלעך. א געשפּרעך צווישן חדר־ייִנגלעך. א חדר־ייִנגל בעט א יום־טוב, וואָס דער זיידע דערציילט פֿון זיינע חדר־יאָרן. צווישן די ווענט פֿון בית־מדרש.

דער אַמאָליקער ייִדישער טאַטע. ווי האָט מען געקוקט אויפֿן שפּילן זיך? די אַמאָליקע ייִדישע מאַמע. „מעטערלעך גאָר?" וואָס מאָטל האָט זיך אָנגע־ליטן פֿאַרן מאָלן מענטשעלעך.

דער עמיגראַנט ־ דער אַמעריקאַנער ייִד. פֿאַר וואָס האָט מען עמיגרירט פֿון דער „אַלטער היים". וואָסערע צרות האָט געהאַט אויסצושטיין דער עמיגראַנט? דאָס גנבענען די גרענעץ. צום ערשטן מאָל אין דער פֿרעמד. אויפֿן ים. א בריוו פֿון אַן עמיגראַנט (פֿון אונטער וועגס, גלייך נאָכן אַריבערפֿאָרן דעם אָקעאַן). א טאָגבוך פֿון אַן עמיגראַנט.

די ערשטע צרות פֿון דעם „גרינעם". דאָס גאָלדענע לאַנד פֿון דער ווייט און פֿון דער נאָנט. פֿון א קליין שטעטעלע אין דער גרעסטער שטאָט פֿון דער וועלט. אַן א לשון. „קאָלומבוסעס מדינה" ־ אַנדערע האָבן זי גע־בענטשט, אַנדערע געשאָלטן. די לאַנדסמאַנשאַפֿטן. ווי די אימיגראַנטן העלפֿן זיך איינער דעם אַנדערן. דער אַרבעטער־רינג און אַנדערע פֿראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די ייִדישע געגנטן אין די גרויסע אַמעריקאַנער שטעט. צווישן אייגענע. די בענקשאַפֿט „אַהיים".

די נייע באַשעפֿטיקונגען. דער אַרבעטער אין שאַפּ. דער פּעדלער. ווייסע הענט וואָס נעמען זיך צו אַרבעט. פֿאַר וואָס האָבן די „גרינע" זיך געלאָזט עקספּלאָאַטירן? „סוועט־שאַפּ" און „גרינע"

דער ערשטער סטרייק. געוואָרן א מיטגליד אין א פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַר־איין. וואָס דער טאַטע (די מאַמע, דער זיידע) דערציילט וועגן דער ערשטער צייט דאָ אין אַמעריקע. בריוו פֿון א „גרינעם" צו זיין פֿאַמיליע אין אייראָפּע. א טאָגבוך פֿון א „גרינעם". אויף א פֿאַרזאַמלונג פֿון לאַנדסלייט.

א ייִדישער ערדאַרבעטער אין אַמעריקע. צרות איבער אומגעניטקייט. די ערשטע גערעטעניש. זיך איינגעפּעטיקט אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן. גע־וואָרן א פֿאַבמאַן. פֿון א פּעדלער ביז צו אַן אַלראַיטניק.

מיר וואוינען אין א ייִדישער געגנט. ניו־יאָרק איז א ייִדישע שטאָט. איצטיקע ייִדישע פּרנסות. ייִדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. וואָס הייסט א „ייִדישער צענטער". ייִדישע יום־טובים איצט און ייִדישע יום־טובים אַמאָל.

דאָס איצטיקע ייִדישע לעבן איבער דער וועלט. די לענדער וואו מיר האָבן קרובים. א גאַסט פֿון פּוילן דערציילט ווי ייִדן קעמפֿן דאָרטן פֿאַר זייערע רעכט. פֿאַר וואָס זיינען ייִדן אין פּוילן אַזוי אָרעם? ווער מאַכט אין פּוילן פּאָגראָמען אויף ייִדן?

וואָס ווייסן מיר וועגן ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. די ייִדישע קאָלאָניעס. די ייִדישע שולן. ייִדן אויף ערד אין פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער וועלט. ייִדן אין ארץ־ישראל. ווי אַזוי האָבן ייִדן געבויט ארץ־ישראל. דער ציוניזם און ייִדן אין ארץ־ישראל. ייִדן אין אַן אַרגענטינער ייִדישער קאָלאָניע. מע קען מיט ייִדיש דורכפֿאָרן די וועלט. ייִדן זיינען צעוואָרפֿן איבער דער

גאנצער וועלט.

היטלער־אנטיסעמיטיזם. „ייִדן זײַנען א נידעריקע ראסע". מענטשן פון פארשיידענע ראסעס. צי דארף מען דאָ לאָזן די נאצים ריידן און שרײַבן וואָס זיי ווילן? ווער זײַנען די ייִדישע פרײַנד און ווער די שונאים פון ייִדן?

בריוו פון פארשיידענע לענדער, וואָס זאָלן שילדערן די ייִדישע לאגע.

ד) וואָקאבולאר פאר „ד״ה"

1) דערקלערונג

וואָס א קלאס העכער, ווערט דער ענין וואָקאבולאר אי גרינגער אי הארבער. ער ווערט גרינגער, ווײַל עס איז קלענער די סכנה פון איבעריקע ווערטער; ער ווערט הארבער, ווײַל דער אויסקלײַב ווערט צו שטארק אָן ענין פון סברה און מען פארלירט די מעגלעכקײַט צו קאָנטראָלירן, אויף וויפל מען קען יאָ אָדער מען קען ניט אויסקומען אָן די אָדער יענע ווערטער און אויסדרוקן. חוץ דעם ווערט מיט יעדער קלאס אלץ גרעסער די מחיצה צווישן דעם ווערטער־אוצר וואָס די קינדער פארשטייען בלויז און זייער אקטיוון וואקאבולאר, וואָס זיי נוצן בײַם ריידן און שרײַבן.

אזוי אָבער ווי מען האָט ניט געקענט אין דעם איצטיקן שטאנד זיך געבן קיין בעסערע עצה, האָט מען געמוזט דאָ צונויפשטעלן דעם פאסיוון וואָקאבולאר דער עיקר זיך רעכענענדיק מיט די אָנגעמערקטע טעמעס פאר שמועס און קאָמפּאָזיציע, און נאָר צום טייל נעמען אין באטראכט דעם גוואלדיק רײַכן ווערטער־אוצר פון די ווערק, וואָס זײַנען אָנגעמערקט פאר ד״ה.

ד״ה דאָס איז דער אָפּשלוס פון דער עלעמענטאר־שול. דאָ קומט אויס א סך זיך צו דערמאָנען פון דעם וואָס מען האָט געלערנט פריער. ווען מע רעדט וועגן די ענינים פון דעם קינדער־לעבן, וועגן היים, סביבה, געשעענישן, חברים און אנדערע ענלעכע זאכן, קומט אויס אָפּצופרישן אין זכרון ווערטער וואָס מען האָט זיי אפשר שוין פארגעסן. מען רעדט אָבער וועגן די אלע ענינים אנדערש ווי פריער און עס מוזן דאָ צוקומען אויך נײַע ווערטער: נאָך נעמען פאר מעבל, פאר כלים, פאר מאכלים, נאָך אײַגנשאפטן פון מענטשן, נאָך נעמען פאר פארשיידענע געפילן און געמיט־צושטאנדן. אָבער דאָך ווערט נישט געגעבן קיין פארברייטערטער וואָקאבולאר וועגן די געביטן: הלוואי זאָל סוף ד״ה ווערן אקטיוו דער פאסיווער וואָקאבולאר פאר ג.

ווײַטער קומען ווערטער פאר ד״ה לויט די ענינים, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אין דער פראָגראם פאר שמועס און קאָמפּאָזיציע.

2) וואָקאבולאר פאר „ד״ה" נאָך די טעמעס

ארבעט. מי, הארעוואניע, פראצע, ווארשטאט, שאפ, פאבריק. הארעפּאשניק, הארעפּאשנע מאסן, עלעמענטן, טײלן פון פאלק. בעל־מלאכה, געזעל, לערן־יינגל. א מענטש בײַ יענעם, א האנט, א געהילף. נעמען א מענטשן, אָפּזאָגן א מענטשן, צונעמען נאָך מענטשן; דער באלעבאָס און זײַנע מענטשן. א מענטש איז גאָרניט קיין מענטש בײַ זיי.

א מלאכה, א מלאכה איז א ברכה, א מלאכה איז א מלוכה, א סך מלאכות - ווײניק ברכות. א פשוטער בעל־מלאכה, אָפּגעבן צו א בעל־מלאכה, זײַן אויף דער לערע, זיך אויסלערנען די מלאכה, ווערן א מײַסטער, בלײַבן א פארטאטש.

זיך מיען, זיך אנשטרענגען, זיך ארויסרייסן, דערגרייכן, דערשלאָגן זיך צו, זיך ארויפאַרבעטן, זיך דערדינען, זיך צופּאַסן, זיך אריינפּאַסן, זיך אונטערנעמען, זיך אונטערגארטלען, זיך ארויסשלאָגן פון די כוחות, אָנווערן דאָס געזונט (די כוחות), ווערן אלט פאר דער צייט, שפּייען מיט בלוט, פראַצעווען.

צוגעבונדן, צוגענאָגלט, פארשקלאפט, פארקויפט, געצוואונגען, פריוויליק, איינגעבויגן אין דריען, הייבט ניט אויף דעם קאָפּ פון דער מאשין, איינשלאָפן איבער דער ארבעט; פארשווירט, פארשוויצט, טראָגנ שוויס שוויס קאַפּעט פון שטערן אראָפּ; בלאַס, דאַר, אן איינגעפאלענע ברוסט; קוים וואָס ער שלעפּט זיך, אויסגיין ביי דער ארבעט.

די מאשין, אריינגעמען א מאשין, ברענגען א נייע מאשין, די מאשין שטופּט ארויס דעם מענטשן. מאשין-ארבעט, רעדער, רעדלעך, ציין, וואלצן, פּאַסן, לעדער, לעדערנע פּאַסן; אייזערן, שטאָלן, בלאַנקעדיק, מאַכיון, שווער, שוואַרץ; זשוזשעט, יאָגט, קלאַפּט, פּילדערט, פּייפט, רוישט, ברומט. פארלירן די שטעל איבער דער מאשין. ארבעטן ביי דער מאשין, זיין שטאָלץ מיט דער מאשין.

שכירות, לוין, געהאלט, פארדינסט, קריגן שכירות. שכירות - בעטערע, ערגערע, העכערע, נידעריקערע, מאָגערע. אָרגאַניזירן א סטרייק, דער אָרגאַניזאַטאָר פון סטרייק, זיך אָפּריידן, אָפּשטימען, ארויסשטעלן פאָדערונגען, פאָדערונג - באַשיידן, גרויס, קליין, גערעכט, יושרדיק. סטרייק - א געלונגענער, אן אומגעלונגענער, א געוואונענער, א דורכגעפאלענער, א פארשפּילטער. ווערן א מיטגליד פון א פאראיין, צאָלן מיטגליד-אָפּצאָל, אן אלטער מיטגליד פון פאראיין.

אומגליקלעכקייט ווערן רייך, א גביר, נגיד. קבצן, פאראָרעמט ווערן, פארלירן דעם לעצטן גראָשן, פאַרקרענקען דעם לעצטן גראָשן. העזהדיק, חוצפּהדיק, באַשיידן, איינגעהאלטן, צוריקגעהאלטן, חניפה, חנפענען, חנפענען דעם באַלעבאָס, דעם שטאַרקערן. נעמען נקמה פון עמעצן, נעמען נקמה פאר עפּעס, עס דערוועקט זיך א געפיל פון נקמה. חודש זיין, א שווערער חשד, א חשד אויף א מענטשן, פּטור ווערן פון א חשד. זיך בייגן פארן שטאַרקערן.

הוליען, פארהוליען דאָס גאַנצע געלט, אויסברענגער, פּטרן דעם גאַנצן פארמעגן. יחוס, יחסן, מיט א פאררייסענעם קאָפּ. לייק-גייערי, גאווה, פּוסטע גאווה.

מלחמה. אמוניציע, אמוניציע-פאבריק, אָנגרייטן אמוניציע, ארבעטן פאר דער פארטיידיקונג. ארטילעריע, קאַנאָן, גראַנאַט, קויל, ביקס, מאשין-ביקס. דורכשיסן, אריינשיסן א קויל אין קאָפּ. שלאַכטפעלד, טראַנשיי, ליגן אין טראַנשיי, זיך פארגראָבן אין טראַנשייען. פאָדערשטע רייען, אטאַקע, שטעכיק דראָט. שיקן אויפן פראָנט, אנטלויפן פון פראָנט.

קאַמף. שטורמע, קאַטאָרגע, סיביר, פארשיקונג. המון, עולה, באַגייסטערונג, העלדישקייט, מוטיקייט, איבערגעגעבנקייט, קרבן, גרייטקייט צו ברענגען א קרבן; אומלעגאלע ארבעט, אונטערערדישע באוועגונג, מארטירער.

מוטיק, שטאָלץ, ווערדיק, באַגייסטערט, גלייביק.

ייד און ניט-ייד. פּאַגראָם. אָרגאַניזירן א פּאָגראָם, העצן צו א פּאָגראָם, מאַכן א פּאָגראָם אויף יידן. שוצלאָז, זעלבשוץ, נעמען אנטייל אין זעלבשוץ. בילבול: אויסטראַכטן א בילבול, פארשפּרייטן א בילבול, עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז דער בילבול איז געווען א פאַלשער, איבער דעם בלוט-בילבול, רודפן יידן, רדיפות אויף יידן. א גזרה אויף יידן. בטל מאַכן א גזרה.

אפלאכן פון ייִדן, אָפּשפּאָטן, מאכן וויצן, חוזק מאכן, רופן מיט צונעמעניש, שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון ייִדן.

זיך חברן מיט ייִדן (מיט ניט־ייִדן), לעבן בשלום, איינשטעלן פריידלעכע באציאונגען, זיין אין פריידלעכע באציאונגען; האנדלען מיטן ייִדן, לעבן צווישן ייִדן. פריינדשאפט, חברשאפט, אלגעמיינע אינטערעסן, געהערן צום זעלביקן פראפעסיאָנעלן פאראיין, ארבעטן אין איינעם, שטרעבן צו די זעלביקע אידעאלן (צילן). דער אנטיסעמיט האָט געכאפט אן אָפּשניט, געכאפט א מיאוסן פסק.

<u>דאָס ייִדישע לעבן אמאָל.</u> די פרומע סביבה פון אמאָל: רב, שוחט, שמש, חזן, למדן, בית־מדרש. הערן ווי דעם רב, א מעשה מיט א רב און א רביצן. פרעגן א שאלה, כשר מאכן, טריף מאכן, זיין ביי עמעצן א שמש, האלטן א דרשה.

די וועלט, יענע וועלט, גן־עדן, גיהנום, מצווה, עברה, כשר, טריף, טאָן מצוות, אָפּהיטן כשרות; זאָגן קדיש, א זון א קדיש, קדיש נאָך א טאטן; א מינהג און א דין. חסיד, צדיק. גוטער־ייד, א חסידישער רבי. אָפּהיטן אלע דינים. געבן צדקה. משיח: גלייבן אין משיח, משיח וועט קומען.

בית־עולם, צוואה, ירושה, יורש, קדיש, קבר, לוויה.

גלות, זיין אין גלות, אין גלות ביי עמעצן, רודפן, אויסשטיין רדיפות. גוי, גלח, פריץ. זיך שמדן, שמד, געשמדטער, ערגער פון א געשמדטן. שבת־גוי, א גאנצער פריץ, געזונט ווי א גוי (פויער, גלח)

שבת, שבת־רו, אָפּהיטן שבת, בענטשן ליכט.

יום־כיפור, פאסטן, כפרה, שלאָגן כפרות, טויג אויף כפרות, גוט כפרות צו שלאָגן מיט אים, א כפרה־הינדל. עוף־עופות.

סוכות, סוכה, אויפשטעלן א סוכה, בויען די סוכה, באדעקן די סוכה.

חנוכה, חנוכה־לאָמפ, חנוכה־ליכטלעך, חנוכה־געלט.

פורים, מגילה, לייענען די מגילה, לאנגע, גאנצע מגילה.

פסח, חמץ, אויסראמען דעם חמץ פון שטוב, חמצדיק, פסחדיק, מאכן פסחדיק; רייניקן, שייערן, כשרן אויף פסח, פארברענען דעם חמץ, פסחדיקע און חמצדיקע כלים.

שבועות, גרינס אויף שבועות, דער יום־טוב פון דער תורה.

שידוך, שדכן, חתן, כלה, נדן, אויסשטייער, תנאים, חתונה, חופה, גט, זיך גטן. אן איידעם אויף קעסט, נעמען אן איידעם אויף קעסט, זיצן אויף קעסט. חתונה מאכן יונגע קינדער.

<u>דאָס ייִדישע קינד אמאָל.</u> חדר, רבי, מלמד, טייטל, קאנטשיק, ישיבה. אויסזאָגן פון חדר, זיך לערנען אין חדר, פירן אין חדר אריין, גיין אין חדר. ישיבה־בחור, עסן טעג. ער פעלט אים א טאָג. חומש, תנך. תלמיד.

דריידל, גראגער, א נייער בגד, א פאָן אויף שמחת תורה. א שקאָץ, א קונדעס.

דער עמיגראַנט — דער אַמעריקאַנער ייִד. קוואַלן פֿון פּרנסה, פּריזיוו, טורמע, צאַר, עמיגרירן, עמיגראַנטן. פּאַס, קריגן אַ פּאַס, גנבענען די גרענעץ, גרענעץ־וואַך; אַ כאָליאַסטרע עמיגראַנטן, וואַגלען, פּלאָגן זיך, הילפֿספֿאַראיין, פֿאָרן מיטן באַן, מיטן שיף, אויפֿן דעק, שיפֿברידער און שיפֿ־שוועסטער. ים־קראַנקייט. טרערן־אינדזל.

דערוואַרטונג, אַנטוישונג, אומבאַהאָלפֿנקייט, אומגעניטקייט, צעטומלט ווערן, זיך פֿילן פֿאַרלאָרן, זיך צונויפֿנעמען, זיך צונויפֿקומען, זיך אָרגאַניזירן. בענקען נאָך דעם שטעטעלע, אָפּנעמען ווײַב און קינדער, שפּאָרן, שיקן געלט, שיפֿסקאַרטעס. זיך אײַנאָרדענען, אַראָפּברענגען די משפּחה, זיך באַזעצן אויף שטענדיק. אַרויסנעמען די ערשטע פּאַפּירן, ווערן אַ בירגער, באַקומען שטימרעכט. זיך אײַנלעבן, זיך אײַנבירגערן, זיך אײַנוואָרצלען.

דאָס איצטיקע ייִדישע לעבן איבער דער וועלט. אַלטער ייִשוב, נײַער ייִשוב. אַ ייִשוב ווערט חרוב, מע בויט אַ ייִשוב. אַ ייִדישע קהילה. וואַנדערונגען, ווערן פּראָדוקטיוו, אַריבערגיין צו פּראָדוקטיווע באַשעפֿטיקונגען, זיך נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. אויפֿבוי, איבערבוי, אויפֿקום. קאָלאָניע, קאָלאָניסט, קאָלאָניזאַטאָר.

זײַן אין אַ סכּנה, זיך אַרויסראַטעווען פֿון אַ סכּנה; אַנטלויפֿן גאַנצערהייט, מיט גאַנצע בײנער, ניט האָבן וואוהין צו לויפֿן, לויפֿן ווי פֿון אַ שׂרפֿה. האָבן אַ ברירה, ניט האָבן קיין ברירה. זײַן אין אַ פֿאַרלעגנהייט, אין קלעם. זיך געבן אַן עצה, זיך ניט קענען געבן אַן עצה; האָבן אַן אויסוועג, געפֿינען אַן אויסוועג. דער גורל איז אויף אים געפֿאַלן, אַ בייזער גורל, זיך אונטערוואַרפֿן דעם גורל, קעמפֿן קעגן בײזן גורל. אָרגאַניזירן הילף, אונטערשטיצונג, הילף אין אַ גרויסן פֿאַרנעם, געפֿינען נײַע אימיגראַציע־לענדער.

די נעמען פֿון לענדער אויף ייִדיש: ארץ־ישׂראל, רוסלאַנד, ראַטן־פֿאַרבאַנד, פּוילן, רומעניע, ליטע, אוקראַאינע, גאַליציע, אַרגענטינע, בראַזיל, מעקסיקע, קאַנאַדע, דרום־אַפֿריקע, צפֿון־אַמעריקע, פֿאַראייניקטע שטאַטן

-------

פֿאַרן קלוב זײַנען נייטיק אַזעלכע ווערטער און אויסדרוקן: קלוב, פֿאָרזיצער, קאַסיר, סעקרעטאַר, פּראָטאָקאָל, פֿאַרוואַלטונג, טאָג־אָרדענונג, פֿאָרשלאָג („פֿאָרלייג" וואָלט געווען בעסער, אָבער לייזער ניט גענוג פֿאַר־שפּרייט).

אָפּלייגן אַ פֿראַגע, באַטראַכטן אַ פֿראַגע, באַשליסן אַ פֿראַגע. אָפּשטימען, איבערשטימען, אָננעמען איינשטימיק. אָננעמען מיט אַ מערהייט שטימען, מיט אַ גרויסער מערהייט; אַ מערהייט איז דעפֿאַר. ווער איז קעגן? קיינער איז נים קעגן. אָנגענומען.אַריבערגיין צום ווײַטערדיקן פּונקט

פֿאָרלייענען דעם פּראָטאָקאָל, באַשטעטיקן דעם פּראָטאָקאָל, צוגעבן צום פּראָטאָקאָל.

אויף דער טאָג־אָרדענונג האָבן מיר אַ סך פֿראַגעס. אין וועלכער רײ וועלן מיר זיי באַטראַכטן? בײַטן אַ פּונקט אין טאָג־אָרדענונג, אַראָפּנעמען פֿון טאָג־אָרדענונג, אָפּלייגן אויף דער קומעדיקער זיצונג.

מאַכן אַ פֿאָרשלאָג, באַשטיין אויפֿן פֿאָרשלאָג, אונטערשטיצן דעם פֿאָר־שלאָג, אַראָפּנעמען דעם פֿאָרשלאָג, שטעלן דעם פֿאָרשלאָג צו דער אָפּשטימונג, דער פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען, איז דורכגעפֿאַלן.

ריידן פאַר, ריידן קענען. נעמען א וואָרט, געבן א וואָרט, קריגן א וואָרט. ניט איבעררייסן, ניט שטערן. איצט האָט דאָס וואָרט ח'..... צונעמען דאָס וואָרט, ריידן צו דער זאַך, ניט ריידן צו דער זאַך. באַגרענעצן די צייט פון ריידן. מאַכן א מעלדונג, מעלדן, אַנאָנסירן, מאַכן א באַמערקונג; צוגעבן, א צוגאָב, א נייער צוגאָב; בעטן א וואָרט צו דער אָרדענונג, א וואָרט פאַר א פּערזענלעכער דערקלערונג.

3) <u>אַרבעטן בשייכות מיטן וואָקאַבולאַר</u>

<u>האָמאָנימען</u> אזוי ווי אין <u>ב</u> און <u>ג</u> און חוץ דעם:

א) האָמאָנימען איבער דער פאָרם פון אומבאַשטימטן אַרטיקל — א אָדער אַן, למשל: אַן אכט — א נאכט; אַן אַרישער — א נאַרישער; אַן עמער — א נעמער.

ב) האָמאָנימען וואָס באַקומען זיך, ווען די פאַרקלענער־פאָרם פון איין וואָרט פאַלט צונויף מיט דער געוויינלעכער פאָרם פון א צווייטן וואָרט, למשל: <u>קעמל</u> — קאַם און די באַשעפעניש קעמל; <u>עקל</u> — פון עק און דאָס געפיל פון עקל.

ג) האָמאָנימען נאָר אין דער גערעדטער שפּראַך, בעת דער אויסלייג פון די ווערטער איז פאַרשיידן, למשל: פון <u>ליידן</u> און <u>לייען</u> קלינגט די דריטע פּערזאָן „לייט" (ליידט און לייט); מערצאָל פון <u>זאַק</u> און דאָס וואָרט <u>זקן</u> קלינגט גלייך „זאַקן".

ד) <u>פיגוראַטיווע האָמאָנימען</u>, למשל: א קעפּל און א קעפּל פון א שפּילקע; א פיסל און א פיסל פון א טיש; א העלדזל און א העלדזל פון א פלאַש; א בלאַט פון בוים און א בלאַט פּאַפּיר; עס ברענט דאָס הויז און עס ברענט דער פּנים; ביטערע גראָזן און ביטערע ווערטער; אַן אָוונט ווי א טייל פון מעת־לעת און ווי א פאַרשטעלונג.

----------

<u>סינאָנימען</u>. אַלע פּאַסיקע אַרבעטן איבער סינאָנימען וואָס מען האָט זיי געמאַכט אין <u>ב</u> און <u>ג</u> פּאַסן זיך פאַר <u>ד־ה</u>. צו יעדער גרופּע סינאָנימען קומען בלויז צו שווערערע ווערטער:

א) צו די אַדיעקטיווישע סינאָנימען: בולט — קלאָר; גאווהדיק — שטאָלץ, העזהדיק — חוצפּהדיק; קנאַפּ — ווייניק; חנעוודיק — שיין — ליב; באַשיידן — שטיל, צוריקגעהאַלטן און אַנדערע.

ב) צו די סובסטאַנטיווישע סינאָנימען: האָרעוואַניע — פּראַצע, אַרבעט, מי; באַמיאונג — אָנשטרענגונג; בגד — קלייד; גאווה — שטאָלץ; העזה — חוצפּה; חנעוודיקייט — שיינקייט, ליבלעכקייט; סם — גיפט; מבין — קענער; לשון — שפּראַך; שאלה — פראַגע; געזעל — געהילף; חלק — פּאַרציע; תלמיד — שילער; קבצן — אָרעמאַן; צורה — פּנים; נגיד — גביר; משא — לאַסט; דרשה — רעדע; חוזק — שפּאָט; אונטערשטיצונג — הילף און אַנדערע.

ג) צו די סינאָנימען וואָס זיינען פּשוטע אָדער צונויפגעזעצטע ווערבן: פּראַצעווען — האָרעווען; חשק האָבן — וועלן; זיך קימערן — זיך זאָרגן; זיך באַמיען — זיך אָנשטרענגען; מיטטיילן — אָנזאָגן; באַקלערן — באַטראַכטן; האָבן אין זינען — געדענקען; מיינען — רעכענען; אָנווערן — פאַרלירן; אונטערשטיצן — העלפן; פּטור ווערן — זיך באַפרייען; דערשלאָגן זיך — דערגרייכן און אַנדערע.

----------

אנטאָנימען. אזוי ווי אין בּ און ג, אָבער אויך מיט א נייעם מאַטעריאַל, מיט שווערערע ווערטער:

א) אדיעקטיווישע אנטאָנימען: כשר - טריף; פּחדיק - חמצדיק; פולט - אומקלאָר; גאווהדיק - באשיידן; מאָדנע - געוויינלעך; גרויסמוטיק - קלײנמוטיק; קנאפּ - א סך; חנעוודיק - מיאוס; אלטמאָדיש - נײמאָדיש און אנדערע.

בּ) סובסטאנטיווישע אנטאָנימען: ברכה - קללה; מצווה - עבירה; גן-עדן - גיהנים; גאווה - באשיידנקייט; נוצן - שאָדן; גרויסמוטיקייט - קלײנמוטיקייט; קבצן - גביר; ליידיקגייער - האָרעפּאשניק; חרפּה - כבוד און אנדערע.

ג) פארשיידענע אנדערע אנטאָנימישע אויסדרוקן: בענטשן - שילטן; אויסברענגען - אפּשפּאָרן; נעמען נקמה - מוחל זיין; זיך פארטיידיקן - זיך אונטערגעבן; ווארפן א חשד - באפרייען פון חשד; האלטן די צונג הינטער די ציין - פּלאפּלען; זיך ניט קענען קיין עצה געבן - געפינען אן אויסוועג און אנדערע.

---

אידיאָמאטיק. ארבעטן איבער אידיאָמאטיק אויף די אלע אופנים ווי אין ג. ביים אויסזוכן די שטענדיקע פארגלייכן קענען זיין פּאסיק די ווערטער: געל, גרוי, בלייך, דין, גראָב, לאנג, געזונט; פּאלן, אויסזען און אנדערע. (ביישפּיל: בלייך ווי די וואנט, ווי א טוך, ווי דער טויט).

ביים פארנעמען זיך מיט אידיאָמאטישע אויסדרוקן לויט שטיכווערטער, זיינען פּאסיק אזעלכע שטיכווערטער: אויער, נאָז, שטערן, הויט, האָלדז, ברויט, וועלט, קאָץ, הונט, באָרד (ביישפּילן: ברויט: עסן ברויט מיט לעפלען, האָבן ברויט מיט פּוטער; וועלט: אויף וואָס די וועלט שטייט, די וועלט איז אים ווייניק).

ביים פארנעמען זיך מיט אידיאָמאטישע אויסדרוקן על פּי טעמעס, זיינען פּאסיק אזעלכע טעמעס: זיין שמאָלץ (למשל: פארדרייען די נאָז, קוקן פון אויבן אראָפּ) ניט הויגן, האלטן מייער, זיך צוהערן, זיין שולדיק געלט, אנטלויפן, ענג זיין, עס גייט ניט.

ה) פּראָגראם פאר גראמאטישע און אנדערע שפּראכלעכע געניטונגען

1) אויפן געביט פון ווערבן:

a) איבערחזרן די פאָרמען מיט פלעג, וואָלט;

b) דער פּאסיוו: איך ווער געטריבן אאז"וו.

c) איבערחזרן ווערבן מיטן זיין אין דער פארגאנגענער צייט (דאָס וואָס מען האָט געלערנט פריער אין א, בּ, ג) און אויסלערנען: איך בין געשטאָרבן, איך בין געשטיגן, איך בין געזונקען, איך בין געהאנגען (אָבער אויב נאָך „הענגען" קומט א דירעקטער אָביעקט - איך האָב געהאנגען וועש);

d) ביים פארענדיקן די עלעמענטאר-שול דארף מען קענען בייגן די ווייטערדיקע ווערבן און דעריבער דארף מען מאכן געניטונגען צו שאפן די פּארטיציפּן פון אַט די ווערבן:

א) האלטן, וואקסן, וואשן, לאדן, פאלן; באדן, בראטן, געבארן, גראבן, טאן, טראגן, פארן, שלאגן, שלאפן; בעטן, געבן, גיפעלן, פארגעבן, עסן; הייסן, קומען, רופן.

ב) בייטן, בייסן, בלייבן, ווייזן, שרייבן, שרייען.

ג) בינדן, געווינען, געפינען, ווינטשן, זינגען, זינקען, טרינקען, פארגינען, פארשווינדן, צווינגען, צינדן, קלינגען, רינען, שווימען, שלינגען, שפרינגען, נעמען.

ד) ברעכן, ווערן, טרעטן, טרעפן, מעסטן, פלעכטן, שווערן, שטעכן, שערן; גיסן, פארדריסטן, פארלירן, פליסן, פרירן, קריכן, שליסן; ווארפן, שטארבן, שפאלטן; לויפן.

ה) ביגן, הייבן; פליען, ציען; גיין, שטיין; ליגן, זיצן; זיין.

2) אויפן געביט פון בייגפאלן

א) זיך איינגימן אז נאך אלע פרעפאזיציעס קומט דער דאטיוו (מיט דעם ברודער, מיט דער שוועסטער, צו דיר, צוליב שרהלען);

ב) געניטונגען מיט דאטיוו אן א פרעפאזיציע בעת דער דאטיוו ווייזט אן אויף דער פערזאן און דער אקוזאטיוו אויף דער זאך: איך גיב דיר דאס בוך.

ג) געניטונגען מיט דאטיוו ספעציעל נאך אט די ווערבן: געבן, צאלן, דאנקען, דערציילן, זאגן, ענטפערן, העלפן.

ד) דער דאטיוו אין אומפערזענלעכע זאצן: עס איז מיר קאלט, עס איז אים גוט (דאס איז אן איבערחזרונג פון פריער געלערנטן)

ה) געניטונגען צו פארגלייכן דאטיוו און אקוזאטיוו און אויך נאמינאטיוו - דאטיוו - אקוזאטיוו: איך זע דעם ברודער - איך גיב דעם ברודער א בוך; איך זע די שוועסטער - איך גיב דער שוועסטער א בוך. ווייטער: אט איז די שוועסטער, איך זע די שוועסטער, איך גיב דער שוועסטער א מתנה.

ו) געניטונגען פאר די ענדונגען פון די פאלן אין אדיעקטיוון און ביים בייגן נעמען.

ז) געניטונגען אונטערצושיידן צווישן מיר און מיך, דיר און דיך, איר און זיי.

ח) געניטונגען צונויפצוטמילצן די פרעפאזיציע מיטן ארטיקל: אויפן, מיטן, דורכן און אנדערע.

3) אויפן געביט פון גראמאטישן מין:

א) איבערחזרן די כללים וואס מען האט געלערנט אין ב און ג:

ב) ווערטער מיט סופיקסן: -ס (גוטס); -טום (יידנטום); -ווארג, (אלטווארג) און עכץ (שרייבעכץ) געהערן צום מיטלען מין.

ג) ווערטער מיט סופיקסן: -ונג (ציטונג); -קייט (גערעכטיקייט); -שאפט (חברשאפט) -ערײ (בעקערײ) געהערן צום ווייבלעכן מין.

4) די פּאַסעסיווע פּראָנאָמענס בײַטן זיך ניט אין אײנצאָל און האָבן אין ע אײן מערצאָל. געניטונגען מיט: מײַן, דײַן, זײַן, איר, אונדזער, אײַער, זײער.

5) פון פאַרבינדווערטער:

א) פאַרשײדענע און צאָלרײכע געניטונגען ריכטיק צו נוצן די פּרעפּאָזיציעס, למשל: וואַרטן אויף דיר, האָבן אויף גוטע צײַטן, קומען נאָכן ביכל.

ב) אײנלערנען צו נוצן און ריכטיק צו נוצן די קאָניונקציעס: אי - אי, אָבער, נאָר, חוץ, ווען, בעת, בשעת, כל זמן, ווײַל, אַזױ ווי, אויב, כדי, כאָטש. (איבערחזרונגען פון פריער געלערנטן מיט געוויסע קלײנע דערגאַנצונגען).

6) פון ווערטער-סדר

א) אָרט פאַר ניט און קײן;

ב) אָרט פאַר זיך;

ג) אָרט פאַרן פּערזענלעכן פּראָנאָמען.

ד) איבערחזרן דאָס פריער געלערנטע.

7) פון וואָרטשאַפונג:

א) די ווערבאַלע פּרעפּיקסן: אַנט-, גע-, דער-, (אַנטוויקלען, אַנטשטײן, געניסן, דערציען, דערטראָגן);

ב) וואָס מער געניטונגען מיט פאַרשײדענע ווערבאַלע צוגאָבן, אויסנוצנדיק די ווערטער פון וואָקאַבולאַר פאַר ב-ה און איבערחזרנדיק דאָס פריער געלערנטע.

ג) פאַרשײדענע געניטונגען מיט וואָרטשאַפונג על פּי די אָפּטטע סופיקסן; צונויפשטעלן ווערטער-משפּחות.

ד) געניטונגען מיט צונויפהעפטן ווערטן

8) געניטונגען פאַר שפּראַך-באַרײכערונג:

א) געניטונגען צו נוצן און ריכטיק צו נוצן די ווערטער: אפשים, בכלל, חלילה, כלומרשט, אָן שום ספק, טאָמער, נעבעך.

ב) געניטונגען מיט מען, ספּעציעל געניטונגען צו פאַרבײַטן די פּאַסיווע זאַץ-קאָנסטרוקציע דורך אַקטיווע מיט „מען": דאָ ווערט געלערנט - מע לערנט דאָ.

9) געניטונגען פאַר שפּראַך-רײניקונג:

א) געניטונגען מיט ווערבן וואָס קומען מיט „זיך" בלויז מיט „זיך", מיט און אָן „זיך" (למשל: זיך אויפכאַפּן, שלאָגן און זיך שלאָגן);

ב) אויסדרוקן אָן „פון", אַזױ ווי אין ג און נאָך בײַ אַנדערע פאַלן, למשל: א רײַ טאָלדאָטן, א מאַסע מענטשן, א זאַמלונג דערצײלונגען, א פּעקל

ביכער און אנדערע.

ג) געניטונגען ריכטיק צו נוצן די ווערטער מענטש און מאן

ד) איבערחזרן די געניטונגען פאר שפראך־רייניקונג און באפרײען זיך פון אנגליציזמען, וואס מען האט געהאט מיט זיי צו טאן אין די פריערדיקע קלאסן

ו) אויסלייג־פראגראם פאר „ד־ה"

1) אויסלייג פון די פארטראפן און פון די סופיקסן און ענדונגען, מיט וועלכע מען האט צו טאן ביי פארשיידענע שפראכלעכע געניטונגען (זען פריערדיקן פונקט)

2) דער „א" אין צונויפהעפטן און נאכן פרעפיקס: פאראיין, פאראייניקן, געאײלט, באקאויון.

3) איבערחזרן די כללים וואס מען האט פריער געלערנט וועגן אויס־לייג פון ווערטער וואס שטאמען פון העברעאיש. אויף זייער טמך קענען אויס־לייגן: אלמן - אלמנה, אפנים, בגד, בטל, בכלל, בקשה, ברכה, גזרה, גט, גטן זיך, דרשה, זקן, חומש, חזן, חלק, חמץ, חן, חשק, חרפה, למדן, מלמד, מכבד זיין, נגיד, נדן, נפש, נקמה, סם, ספק, פסק, פריץ, צדיק, צדקה, צורה, צלם, קדיש, רדיפות, שמד, קהילה, ווי אויך ווערטער פון העברעאיש וואס גייען אריין אין וואקאבולאר פון די פריערדיקע קלאסן.

4) זיך מערקן אזעלכע באזונדערקייטן אין ווערטער וואס שטאמען פון העברעאיש:

א) ח סוף ווארט און אין מיטן ווארט: משיח, גלח, שליח, שוחט;

ב) כ אנהייב ווארט און אין מיטן ווארט: כלומרשט, כל זמן, כפרה, כשר, כיבוד, סכנה, סוכה, מכה, זכרון;

ג) ב אין מיטן און סוף ווארט: ישוב, ישיבה; מבין, סביבה.

ד) ת אנהייב ווארט: תורה, תלמיד, תנך, תנאים.

ה) ת אין די ווערטער: בריח, בית־מדרש, בית־עולם.

ו) זיך מערקן די באזונדערקייטן מיטן ע: עברה, עוף, עניו; בעל־מלאכה, העזה, ידיעה, מעת־לעת.

ז) זיך מערקן דעם א אין: גאווה, דאגה, מלאכה, שאלה, הלוואה, גוזמא.

5) אויף וויפל עס לאזט זיך אויסלערנען אויסלייגן די דריי הונדערט ווערטער פון העברעאיש וואס פיגורירן אין דעם וואקאבולאר פון דער עלעמענטאר־שול.

א רשימה פון די ווערטער - אין דער ביילאגע.

## רשימה פון ווערטער וואָס שטאַמען פון העברעאיש

## פאַר דער עלעמענטאַר-שול

### פאַר „א"

אות - אותיות
אמת
א סך
אפשר
חבר, חברטע, חברים
כעס
מעשה, מעשיות
מצה
סדר
פורים
פנים
פסח
שבת
שורה (14)

### פאַר קלאַס „ב"

אוודאי
אופן
אלף-בית
אפילו
ברוגז
בעת
בשלום
גולם
גזלן
גנב, גנבה
דאגה
דווקא
דירה
הגדה
הנאה
הרגענען
חודש
חוץ
חזיר
חזרן
חיה - חיות
חכם
חלה
חלום - חלומען
חנוכה
חתן
טובה
טעות
טעם
טענה
יום טוב
יום-כיפור
יושר
ים
יחוס
כדי
כוח
כוס
כלה
כלל
במעט
כסדר
לבנה
לימוד
למשל
מאכל
מודה זײַן זיך
מוחל
מורא
מיאוס
מילא
מין
מלחמה
מסתמא
משוגע
משל
מתנה
נחת
נישקשה
נס
סוד
סוחר - סחורה
סוף
סימן
סתם
עדות
עצה
עקשן
צרה
קול
קרוב
קשיות
רגע
רחמנות
רשע
שוטה
שום
שכן - שכנה
שלום
שעה
שונא - שינאה
שכל
שכר-לימוד
שמחה (84)

### פאַר „ג"

אוצר
ארץ-ישראל
בהמה
בחור
בית-המקדש
בן-יחיד
בן-מלך
בר-מצווה
בשעת
בריה
בשום אופן
בת-יחידה
בת-מלכה
גביר
גיבור
דור
דלות - בדלות
דעה, בדעה
דרך-ארץ
דרום
הכלל
הלוואי
זמן
חברה
חברשאַפט
חדר
חוב
חוצפה
חלשן
חסרון
חרוב
חרטה
חשבון
חשד, חושד זײַן
תשובה
יבשה
יחוס - יחסן
יורש - ירושה
כבוד
כישוף
כלי
לח״ים
לכבוד
מוסר - מוסרן
מזל
מזל-טוב
מזרח
מחיה
מטבע
מידבר
מלוכה
מלך - מלכה
מטרן
מעלה
מערב
מעשים
מפלה
מציאה
מקבל פנים זײַן
מקנא זײַן
משפחה
משפט, משפטן
נביא
נדבה
נצחון
נשמה
סוכות
סיבה
סך-הכל
סעודה
עוולה
עולם
עיקר
עסק
ערב
פועלן
פטור - פטרן
פרנסה
פשוט
צו-להכעיס
צער, צפון
קינאה
קיב
קרבן
ראש-השנה
רב
רבי (רביצן)
רוב (ס'רוב)
ריח
שבועה
שבועות
שבט
שופט
שותף - שותפות
שייך - שייכות
שיכור
שכירות
תירוץ (99)

## פאר „ד־ה״

אלמן - אלמנה
אפנים
בגד
בולט
בטל
בילבול
בית-מדרש
בית-עולם
בכלל
בעל-מלאכה
בקשה
ברכה
ברירה
בריח
גאווה
גוזמא
גוי
גורל
גזרה
גט - גטן זיך
גיהנום
גלות
גלח
גן-עדן
דין
דרשה
הלוואה
המון
העזה
זכרון
זקן
חוזק
חומש
חופה
חורבן
חזן
חילוק
חלילה
חלק
חמץ
חן -חנעוודיק
חניפה, חנפענען
חסיד
חשק
חרפה
ידיעה
ישוב
ישיבה
כיבוד
כלומרשט
כל זמן
כפרה
כשר - כשרות
לוויה
למדן
לשון
מבול
מבין
מגילה
מוח
מינהג
מכה
מלאכה
מלמד
מעת-לעת
מכבד זיין
מסכים
מצווה
משיח
משא
נגיד
נדן
נפש
נקמה
סביבה
סוכה
סכנה
סם
ספק
עברה
עוף - עופות
ענין
פסק
פריץ
פשוט
צד - צדדים
צדיק
צדקה
צוואה
צורה
צלם
קבצן
קבר
קדיש
קהילה
קודם כל
קללה
רודף -רדיפות
רפואה
שאלה
שוחט - שחיטה
שידוך - שדכן
שליח - שליחות
שמד
שמש
שרפה
תורה
תלמיד
תנאים
תנך (110)

